י. נאָסקאָוויץ

# מײַן פֿאָלק

געשיכטע פֿאַר דער עלעמענטאַר־שול

ערשטער טייל

אַרויסגעגעבן פֿון
בילדונגס־אָפּטײלונג פֿון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק—1962

J. NOSKOWITZ

# MAYN FOLK

(MY PEOPLE)

*We are grateful to the following publishers for permission to use the maps and illustrations in this book* :

Union of American Hebrew Congregations for the Illustrations on pages 25, 76, 82, 90, 94, 106, 108, 110, 121, 127, 130, 134, 136.

Jewish Publication Society for the maps on pages 8, 16, 19.

Behrman House Inc. for the Illustrations on pages 28, 45, 72, 135, 138.

United Synagogue for the Illustration on page 36.



**Printed in the U. S. A.**

**KNIGHT PRINTING CORP., 382 LAFAYETTE STREET, NEW YORK 3, N. Y.**



96

מיר אַלע זײַנען ייִדן. מיר געהערן צו דעם ייִדישן פֿאָלק. מיר געהערן צו זייער אַן אַלט פֿאָלק.

דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט זייער אַן אַלטע, לאַנגע און זייער אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. דאָס ייִדישע פֿאָלק איז אַלט כּמעט פֿיר טויזנט יאָר.

איר ווייסט שוין וועגן די פֿאָטערס, די אָבֿות פֿון ייִדישן פֿאָלק. איר ווייסט וועגן אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ. איר ווייסט די שיינע מעשׂה וועגן יוספֿן און זײַנע ברידער. איר ווייסט ווי אַזוי ייִדן זײַנען געווען שקלאַפֿן אין מצרים און ווי משה האָט אַרויסגעפֿירט די ייִדן פֿון מצרים. איר ווייסט דאָך אַ סך מעשׂות: וועגן ייִדן אין מדבר, וועגן ייִדן בײַם באַרג סיני, מעשׂות וועגן משה רבינו און נאָך אַנדערע.

איצט דאַרפֿן מיר לערנען וואָס ווײַטער איז געווען.

| | |
|---|---|
| ancestors, forefathers | אָבֿות |
| desert | מדבר |
| slave | שקלאַף |

# ייִדן אין מדבר

ווען די ייִדן זײַנען אַרויס פֿון מצרים, האָבן זיי געלעבט אין מדבר. אין אַ מדבר רעגנט זייער זעלטן. דאָרטן איז זייער טרוקן. כּמעט דער גאַנצער מדבר איז פֿון זאַמד. אָבער דאָ און דאָרטן קומט פֿון אונטער דער ערד אַרויס וואַסער. אין אַזעלכע ערטער וואַקסן גראָז אוןביימער. אין אַזעלכע ערטער איז מעגלעך צו לעבן.

ייִדן האָבן געלעבט אין אַזעלכע ערטער אין מדבר. זיי האָבן געהאַט שעפּסן און ציגן. פֿון די ציגן און די שעפּסן האָט מען געהאַט מילך צו טרינקען און פֿלייש צו עסן. פֿון וואָל פֿון די שעפּסן האָט מען זיך געמאַכט קליידער. כּדי די שעפּסן און די ציגן זאָלן האָבן גענוג צו עסן, האָבן ייִדן געדאַרפֿט גיין פֿון איין גרינעם אָרט צום צווייטן. דאָס גראָז פֿון איין גרינעם אָרט האָבן די שעפּסן און די ציגן אויפֿגעגעסן. האָט מען געמוזט געפֿינען אַ נײַ אָרט, ביז דאָס גראָז אין דעם אַלטן אָרט וועט ווידער אויסוואַקסן. אַזוי האָבן ייִדן געוואַנדערט אַ לאַנגע צײַט.

ייִדן האָבן געלעבט אַ סך יאָרן אין מדבר. דער חומש זאָגט: פֿערציק יאָר.

ייִדן זײַנען געווען אײַנגעטיילט אין משפּחות. יעדע משפּחה האָט געהאַט אַן עלטסטן וואָס איז געווען דער פֿירער פֿון דער משפּחה. אַ סך משפּחות זײַנען געווען נאָענט צווישן זיך. אַ גרויסע צאָל משפּחות, וואָס האָבן געלעבט צוזאַמען, איז געווען אַ שבֿט.

ייִדן זײַנען געווען אײַנגעטיילט אין שבֿטים. יעדער שבֿט האָט געהאַט זײַנע עלטסטע, זײַנע פֿירערס. עס זײַנען געווען 12 שבֿטים אין דעם ייִדישן פֿאָלק.

יעדער שבֿט האָט געהאַט אַ נאָמען. די נעמען זײַנען געווען די נעמען פֿון יעקבֿס זין. די ייִדן האָבן זיך גערופֿן בני־ישׂראל, דאָס הייסט קינדער פֿון ישׂראל. און ישׂראל איז דער צווייטער נאָמען וואָס יעקבֿ האָט באַקומען.

ווען ייִדן האָבן געלעבט אין מדבר איז זייער פֿירער געווען משה. ער איז געווען דער פֿירער פֿון אַלע ייִדישע שבֿטים. אַלע ייִדן האָבן אים געפֿאָלגט. משה האָט געלערנט די ייִדן ווי אַזוי צו לעבן שיין און גוט. ער האָט געגעבן דעם ייִדישן פֿאָלק קלוגע און גוטע געזעצן. ער האָט געגעבן די ייִדן די תּורה.

דאָס לעבן אין מדבר איז געווען שווער. אַמאָל

האָט געטראָפֿן אַז דאָס וואַסער האָט אויסגעטריקנט און עס איז ניט געווען קיין גראָז. אַמאָל זײַנען די שעפּסן און די ציגן קראַנק געוואָרן אָדער אויסגעשטאָרבן. מע האָט געלעבט אין געצעלטן. מען איז געווען אָרעם.

חוץ די ייִדן האָבן אויך אַנדערע פֿעלקער געלעבט אין מדבר. אַמאָל פֿלעגן די אַנדערע פֿעלקער אָנפֿאַלן אויף די ייִדן. האָבן ייִדן געדאַרפֿט מלחמה האַלטן מיט די אַנדערע פֿעלקער. ייִדן האָבן געוואוסט ווי אַזוי צו ניצן שווערד און שפּיז. זיי האָבן געהאַט פֿײַל־און־בויגנס. זיי האָבן געוואוסט ווי זיך צו באַשיצן.

| | |
|---|---|
| possible | מעגלעך |
| sheep | שעפּסן |
| goats | ציגן |
| separated, divided | אײַנגעטיילט |
| tribe, tribes | שבֿט, שבֿטים |
| laws | געזעצן |
| dried up | אויסגעטריקנט |
| tents | געצעלטן |
| attack | אָנפֿאַלן |
| sword | שווערד |
| spear | שפּיז |

## ייִדן ווילן אַרויס פֿון מדבר

משה האָט געוואָלט פֿירן די ייִדן אין לאַנד כּנען. אין לאַנד כּנען האָבן אַמאָל געלעבט אַבֿרהם, יצחק און יעקבֿ. ייִדן האָבן געגלייבט אַז דאָס איז דאָס לאַנד וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט די ייִדישע אָבֿות:

— צו אײַערע קינדער וועט עס געהערן!

ייִדן זײַנען געגאַנגען אַלץ נענטער צו דעם לאַנד כּנען. ווען ייִדן זײַנען געווען נאָענט צו כּנען, האָט משה גערופֿן די פֿירערס פֿון די שבֿטים. ער האָט זיי געזאָגט:

— לאָמיר שיקן מענטשן, זיי זאָלן גיין אין כּנען, באַקוקן דאָס לאַנד און אונדז דערציילן וואָס פֿאַר אַ לאַנד דאָס איז.

האָט מען אויסגעקליבן צוועלף מענער, פֿון יעדער שבֿט איין מאַן. משה האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין כּנען. צווישן די צוועלף וואָס מען האָט געשיקט איז געווען יהושע. ער איז געווען דער וואָס האָט געהאָלפֿן משהן פֿירן דאָס פֿאָלק. ווען די צוועלף מענער זיינען געקומען צוריק, האָבן זיי דערציילט:

— דאָס לאַנד כּנען איז זייער שיין. עס זײַנען דאָרטן פֿאַראַן בערג און טאָלן. עס איז אַ לאַנד וואו עס וואַקסט גוט. דאָס לאַנד האָט אַ סך פֿרוכט און גרינסן. „עס איז אַ לאַנד פֿון מילך און האָניק" — האָבן זיי געזאָגט.

אָבער צען פֿון די צוועלף האָבן געזאָגט אַז ייִדן וועלן ניט קענען אַרײַנקומען אין לאַנד. מע וועט דאַרפֿן אַריבערגיין אַ טײַך וואָס הייסט ירדן. אויף יענער זײַט ירדן וואוינען פֿעלקער וואָס זײַנען שטאַרק. זיי וואוינען אין שטעט מיט הויכע ווענט. ייִדן וועלן דאַרפֿן פֿירן




מלחמה מיט די שטאַרקע פֿעלקער און ווען ניט קענען זיגן.

נאָר צוויי האָבן געזאָגט אַז די ייִדן וועלן קענען געווינען די מלחמה. דאָס זײַנען געווען יהושע פֿון דעם

שבֿט אפֿרים און כּלבֿ פֿון דעם שבֿט יהודה. איז מען ניט געגאַנגען גלײַך קיין כּנען. ערשט יאָרן שפּעטער איז מען געגאַנגען קיין כּנען.

משה האָט געפֿירט די ייִדן. ער האָט אײַנגענומען דעם טייל לאַנד וואָס געפֿינט זיך אין מזרח פֿון טײַך ירדן. דאָרטן האָבן זיך באַזעצט צוויי און אַ האַלב שבֿטים. ייִדן האָבן איצט געדאַרפֿט אַריבערגיין דעם ירדן און אײַננעמען דאָס גאַנצע לאַנד כּנען.

| | |
|---|---|
| געגלייבט | believed |
| צוגעזאָגט | promised |
| געהערן | belong |
| פֿירער | leader |
| טאָלן | valleys |
| טײַך | river |
| געווינען, זיגן | win |
| אײַננעמען | conquer |
| מזרח | east |

## משהס טויט

דער גרויסער ייִדישער פֿירער משה איז געוואָרן אַלט. דער חומש זאָגט — 120 יאָר. משה האָט גערופֿן דאָס גאַנצע פֿאָלק און גערעדט צו די ייִדן. ער האָט זיי ווידער דערמאָנט די צען־געבאָט בײַם באַרג סיני.

דערנאָך האָט משה דערמאָנט אויך אַ סך אַנדערע גוטע געזעצן וואָס ער האָט געגעבן דעם פֿאָלק אין מדבר. ער האָט געזאָגט ווי אַזוי ייִדן זאָלן לעבן, ווען זיי וועלן

אײַנגעמען דאָס לאַנד כּנען. דערנאָך האָט משה געזאָגט דעם פֿאָלק אַז דער נײַער פֿירער וועט זײַן יהושע. ער וועט אַרײַנפֿירן די ייִדן אין דעם לאַנד כּנען.

ווען משה האָט געענדיקט רעדן צום פֿאָלק, איז ער אַוועק אויף אַ הויכן באַרג. ער איז געשטאַנען און האָט געקוקט אויף דעם לאַנד וואו ער וועט שוין ניט קענען זײַן. משה איז מער ניט געקומען צוריק. ער איז דאָרטן געשטאָרבן. קיינער האָט ניט געוואוסט וואו עס איז משהס קבֿר.

משה איז געווען אַ גרויסער פֿירער. ער איז געווען דער גרעסטער ייִדישער פֿירער. ער האָט אַרויסגעפֿירט דאָס פֿאָלק פֿון מצרים. ער האָט געגעבן דעם פֿאָלק די תּורה. ייִדן האָבן אַלע מאָל געזאָגט: משה איז דער גרעסטער ייִדישער נבֿיא. ייִדן האָבן אַלע מאָל גערופֿן משהן: משה רבינו, משה אונדזער לערער.

| | |
|---|---|
| דערמאָנט | reminded |
| צען־געבאָט | ten commandments |
| אַרײַנפֿירן | to lead |
| קבֿר | grave |
| נבֿיא | prophet |

## פֿראַגעס

1) וואָס איז דער מדבר?

2) פֿון וואָס האָבן ייִדן געלעבט אין מדבר?

3) וואָס מיינט משה רבינו?

4) וואָס מיינט בני־ישׂראל?

5) קענסטו אויסרעכענען די צען־געבאָט?

6) ייִדן זײַנען געווען אַנדערש ווי די אַנדערע פֿעלקער וואָס האָבן געוואַנדערט אין מדבר. מיט וואָס ?

7) זייער אַ גרויסער טייל מענטשן אין דער וועלט האָבן אָנגענומען די צען־געבאָט. פֿאַרוואָס ?



יהושע

# ייִדן נעמען אײַן כּנען

## יריחו פֿאַלט

יהושע איז געוואָרן דער פֿירער פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק. ער האָט גערעדט צום פֿאָלק און געזאָגט:

— זײַט שטאַרק און פֿעסט! לאָמיר איצט אַריבער־גיין דעם ירדן און אַרײַנקומען אין דעם לאַנד כּנען.

יהושע האָט אַריבערגעפֿירט דאָס פֿאָלק איבער דעם טײַך ירדן. ייִדן זײַנען געקומען צו דער ערשטער שטאָט אין כּנען, צו דער שטאָט יריחו. יריחו האָט געהאַט הויכע ווענט אַרום און אַרום. פֿון די ווענט האָבן די כּנענים געשאָסן מיט פֿײַל־און־בויגנס. עס איז געווען זייער שווער אײַנצונעמען די שטאָט.

דער תּנך דערציילט: ייִדן זײַנען אַרומגעגאַנגען די שטאָט יעדן טאָג. אַזוי האָבן זיי געטאָן זעקס טעג. אויפֿן זיבעטן טאָג זײַנען זיי אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי. זיי זײַנען אַרומגעגאַנגען די שטאָט זיבן מאָל. זיי האָבן געבלאָזן אין שופֿרות, און די ווענט פֿון יריחו זײַנען אײַנגעפֿאַלן. ייִדן זײַנען גלײַך אַרײַן אין שטאָט און זי



די ווענט פֿון יריחו פֿאַלן איַין

איַינגעגומען. עס איז געווען אַ וואונדער וואָס ייִדן האָבן געקענט איַיננעמען אַזאַ שטאַרקע שטאָט. אַפֿילו היַינט זאָגט מען: איַינגעפֿאַלן ווי די ווענט פֿון יריחו.

| | |
|---|---|
| bow and arrow | פֿיַיל־און־בויגן |
| Bible | תּנך |
| ram's horn | שופֿר |

## דער אָפּמאַך מיט גבֿעון

אין גאַנצן לאַנד כּנען האָט מען שוין געוווּסט אַז ייִדן זיַינען געקומען איַיננעמען דאָס לאַנד.

מע האָט אויך געוואוסט אַז ייִדן האָבן אײַנגענומען די שטאַרקע שטאָט יריחו. ניט אַלע כּנענים האָבן געוואָלט זיך שלאָגן מיט די ייִדן. די אײַנוואוינערס פֿון דער שטאָט גבֿעון האָבן ניט געוואָלט זיך שלאָגן.

זיי האָבן אויסגעקליבן מענטשן און געשיקט צו יהושען. די מענטשן האָבן זיך אָנגעטאָן אין אַלטע קליידער און געטראָגן אַלט ברויט. זיי האָבן דאָס געטאָן כּדי יהושע זאָל מיינען אַז זיי קומען פֿון ווײַט.

ווען זיי זײַנען געקומען צו יהושען, האָבן די מענטשן פֿון גבֿעון געזאָגט:

— מיר קומען פֿון אַ ווײַט לאַנד. מיר ווילן מאַכן שלום מיט די ייִדן. האָט יהושע זיי געפֿרעגט:

— ווי אַזוי קען איך וויסן אַז איר קומט טאַקע פֿון ווײַט?

האָבן זיי געענטפֿערט:

— גיב אַ קוק אויף אונדזערע קליידער און זע ווי צעריסן זיי זײַנען. גיב אַ קוק אויף אונדזער ברויט און זע ווי אַלט עס איז. קענסטו פֿאַרשטיין אַז מיר זײַנען שוין לאַנג אין וועג.

יהושע האָט זיי געגלייבט. מע האָט געגעסן צוזאַמען און מע האָט אָפּגעמאַכט צו זײַן פֿרײַנד. דערנאָך זײַנען די מענטשן פֿון גבֿעון אַוועקגעגאַנגען. באַלד האָט יהושע אויסגעפֿונען אַז די שטאָט גבֿעון איז זייער נאָענט

צו דעם אָרט וואו ייִדן זײַנען. דאָס איז געווען אַ שטאָט אין כּנען וואָס ייִדן האָבן געדאַרפֿט אײַננעמען. איז יהושע געגאַנגען צו די מענטשן פֿון גבֿעון און זיי געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס האָט איר אונדז אָפּגענאַרט?

האָבן די מענטשן פֿון גבֿעון געענטפֿערט:

— מיר ווילן זיך ניט שלאָגן מיט אײַך. מיר גיבן זיך אונטער און לאָמיר זײַן פֿרײַנד.

און די ייִדן זײַנען אָנגעקומען אין דער שטאָט גבֿעון ווי פֿרײַנד.

אָבער די אײַנוואוינערס פֿון די אַנדערע שטעט האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. פֿינף שטעט האָבן באַשלאָסן אָנצופֿאַלן אויף גבֿעון און באַשטראָפֿן די שטאָט. האָבן די מענטשן פֿון גבֿעון געבעטן יהושען:

— קום אויף גיך און העלף אונדז, ווײַל פֿינף קיניגן פֿון פֿינף שטעט זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף אונדז.

אין כּנען האָט יעדע שטאָט געהאַט אַ באַזונדערן קיניג.

| | |
|---|---|
| אָפּמאַך | agreement |
| אײַנוואוינערס | inhabitants |
| אויסגעקליבן | chose, picked |
| צעריסן | torn |
| אָפּגענאַרט | fooled |
| אונטערגעבן זיך | surrender |
| באַזונדער | separate |




## די גרויסע שלאַכט

יהושע האָט גענומען זײַן גאַנצע אַרמיי און געגאַנגען העלפֿן גבֿעון. די כּנענים האָבן ניט געוואוסט אַז יהושע וועט אַזוי גיך קומען. זיי זײַנען געוואָרן צע־

טומלט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע שלאַכט צווישן ייִדן און די כּנענים. די פֿינף מלכים און זייערע אַרמייען האָבן גענומען לויפֿן. יהושע און זײַן אַרמיי האָבן זיי געיאָגט. אַזוי האָט מען זיך געשלאָגן אַ גאַנצן טאָג. עס איז געווען אַ בלוטיקע שלאַכט און ייִדן האָבן צעקלאַפּט אַלע פֿינף קיניגן. אין דעם טאָג האָבן ייִדן זייער אַ סך געוואונען.

דער תּנך דערציילט:

ווען די זון האָט גענומען אונטערגיין, האָט יהושע אויסגערופֿן:

זון אין גבֿעון בלײַב שטיין!
און לבֿנה קום ניט אַרויס!
און די זון איז געבליבן שטיין
און די לבֿנה האָט געוואַרט.

נאָך דער דאָזיקער שלאַכט האָט יהושע אײַנגענומען נאָך אַ סך שטעט. ייִדן האָבן זיך פֿאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצן לאַנד כּנען.

| | |
|---|---|
| שלאַכט | battle |
| צעטומלט | confused |
| מלך, מלכים | king, kings |
| צעקלאַפּט | defeated |
| פֿאַרשפּרייט | spread |

## ייִדן באַאַרבעטן דאָס לאַנד

ייִדן האָבן אײַנגענומען דאָס גאַנצע לאַנד כּנען. יעדער שבֿט האָט באַקומען אַ טייל פֿון דעם לאַנד.

ייִדן האָבן מער ניט געדאַרפֿט וואַנדערן. מע האָט אָנגעהויבן וואוינען אין הײַזער.

ייִדן האָבן פֿאַרזייט פֿעלדער און זיי האָבן פֿאַר־פֿלאַנצט גערטנער. מע האָט געלעבט איצט פֿון ברויט פֿון דער ערד און מע האָט געהאַט פֿרוכט, ווײַן און אייל. ייִדן זײַנען געוואָרן ערד־אַרבעטערס. אַ טייל ייִדן זײַנען געבליבן פּאַסטעכער. זיי האָבן איצט געהאַט גענוג גראָז פֿאַר די ציגן און די שעפּסן. עס איז געווען גענוג וואַסער פֿאַר אַלעמען. דאָס לעבן פֿון די ייִדן איז געוואָרן גרינגער.

מע האָט אויסגעקליבן די שטאָט שילה ווי אַן אָרט צו דינען גאָט. דאָרטן איז אויך געווען דער אַלטער הייליקער אָרון מיט די צען־געבאָט. איין שבֿט האָט ניט געהאַט קיין אייגן לאַנד. דאָס איז געווען דער שבֿט לוי. די מענטשן פֿון שבֿט לוי זײַנען געווען די דינערס פֿון די הייליקע ערטער. די אַנדערע שבֿטים האָבן געגעבן עסן און אַן אָרט צו וואוינען פֿאַר די מענטשן פֿון שבֿט לוי.

ווען יהושע איז געוואָרן אַלט, האָט ער צונויפֿגע־רופֿן דאָס גאַנצע פֿאָלק. ער האָט גערעדט צום פֿאָלק און געזאָגט:

— איר האָט באַזיגט די אײַנוואוינערס פֿון כנען. איר לעבט איצט אין דעם לאַנד פֿון אײַערע אָבֿות. יעדער




שבט האָט זײַן טייל לאַנד. איר דאַרפֿט איצט אָפּהיטן די געזעצן פֿון דער תורה. איר דאַרפֿט ניט לעבן ווי די פֿעלקער אַרום אײַך. איר דאַרפֿט לעבן אין שלום צווישן זיך און איר דאַרפֿט זײַן פֿרום און גוט.

דער תּנך דערציילט אַז ווען יהושע איז געשטאָרבן איז ער געווען 110 יאָר אַלט.

| | |
|---|---|
| work, cultivate | באַאַרבעטן |
| planted | פֿאַרזייט, פֿאַרלאַנצט |
| farmers | ערד־אַרבעטערס |
| shepherds | פּאַסטעכער |
| ark | אָרון |
| servants | דינערס |
| holy places | הייליקע ערטער |
| observe, obey | אָפּהיטן |
| saved, rescued | געראַטעוועט |

## פֿ ר אַ ג ע ס

1. ווי אַזוי האָבן ייִדן איַינגענומען יריחו ?
2. ווי אַזוי האָבן די איַינוואוינערס פֿון גבֿעון זיך געראַטעוועט ?
3. וועלכער שבֿט האָט ניט געהאַט קיין אייגן לאַנד ?
4. וואו איז געווען דאָס הייליקע אָרט ?

## ט ר אַ כ ט ו ו ע ג ן ד ע ם

1. דאָס ייִדישע לעבן אין כּנען איז געוואָרן אַנדערש ווי עס איז געווען אין מדבר. איז דאָס לעבן געוואָרן בעסער צי ערגער ?
2. פֿאַרוואָס הייסט דאָס לאַנד כּנען „דאָס צוגעזאָגטע לאַנד" ?
3. פֿאַרוואָס האָט יהושע געוואָלט אַז ייִדן זאָלן לעבן אַנדערש ווי די פֿעלקער אַרום זיי ?

# די צײַט פֿון די שופֿטים

ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין זייער לאַנד און האָבן מער ניט געוואָלט פֿירן קיין מלחמות. זיי האָבן געוואָלט לעבן אין שלום מיט אַלע פֿעלקער. אָבער פֿאַרשיידענע פֿעלקער האָבן געוואָלט צונעמען בײַ די ייִדן דאָס לאַנד. ייִדן האָבן געמוזט זיך פֿאַרטיידיקן. אַזוי האָט זיך געצויגן 200 יאָר.

די צײַט הייסט די צײַט פֿון די שופֿטים. אַ שופֿט פֿלעגט אין צײַט פֿון שלום זײַן דער ריכטער. צו אים איז מען געקומען אַז ער זאָל מאַכן שלום צווישן מענטשן וואָס האָבן זיך צעקריגט.

דער שופֿט איז אויך געווען דער פֿירער פֿון זײַן שבֿט. אַ שופֿט איז געווען אַ קלוגער אָדער זייער אַ העלדישער מענטש. ווען שׂונאים פֿלעגן אָנפֿאַלן, פֿלעגט דער שופֿט אַרויסגיין האַלטן מלחמה. ווען דער שופֿט פֿלעגט געווינען די מלחמה, איז ער ווײַטער געווען דער ריכטער.

אַ שופֿט איז ניט קיין מלך. אַ שופֿט קלײַבט מען אויס. אַ שופֿט בעט מען צו ווערן אַ שופֿט.

| | |
|---|---|
| שופֿט | judge |
| באַזעצט | settled |
| פֿאַרטיידיקן | protect, defend |
| געצויגן | lasted |
| ריכטער | judge |
| צעקריגט | quarreled |
| העלדיש | brave |
| שונא, שונאים | enemy, enemies |

# דבֿורה

איינע פֿון די ערשטע שופֿטים איז געווען אַ פֿרוי. זי האָט געהייסן דבֿורה. זי איז געווען זייער אַ קלוגע און אַ מוטיקע פֿרוי. ייִדן האָבן זי זייער ליב געהאַט. זי איז געזעסן אין לאַנד פֿון שבֿט אפֿרים אונטער אַ הויכן טייטלבוים, וואָס מע האָט גערופֿן דבֿורהס טייטלבוים. ייִדן פֿלעגן קומען צו איר זיך משפּטן. אין דבֿורהס צײַטן האָבן די כּנענים זיך גוט צוגעגרייט און זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף ייִדן. זייער פֿירער איז געווען סיסראָ. מען איז געקומען צו דבֿורהן און זי געפֿרעגט וואָס מע זאָל טאָן. דבֿורה האָט גערופֿן דעם קריגסמאַן ברק. זי האָט אים געזאָגט:

— נעם צען טויזנט מאַן און גיי צום באַרג תּבֿור. דאָרטן וועסטו געפֿינען די כּנענים מיט סיסראָן זייער פֿירער. דו וועסט אים באַזיגן!

האָט ברק געזאָגט צו איר:

— אויב דו וועסט גיין מיט מיר, וועל איך גיין.



דבֿורה

אויב אָבער דו וועסט ניט גיין מיט מיר, וועל איך ניט גיין.

האָט זי געענטפֿערט:

— גוט, איך וועל גיין מיט דיר.

דבֿורה איז געגאַנגען מיט ברקן. זיי האָבן גענומען צען טויזנט מאַן. סיסראָ האָט זיך גוט צוגעגרייט צו דער שלאַכט. ער האָט געהאַט אַ סך אײַזערנע רײַט־וואָגנס. ייִדן האָבן קיין רײַטוואָגנס ניט געהאַט און אויך ניט קיין פֿערד. עס איז ניט געווען גוט פֿאַר ייִדן. אָבער דבֿורה האָט געזאָגט צו ברקן:

— שטיי אויף, באַפֿאַל סיסראָן. גאָט האָט איבער־געגעבן סיסראָן אין דײַנע הענט!

ברק און זײַנע מענטשן זײַנען באַפֿאַלן די כּנענים. עס איז געוואָרן אַ שטורעם. אַ שטאַרקער רעגן איז געפֿאַלן. די פֿערד זײַנען געוואָרן ווילד און די רעדער פֿון די רײַטוואָגנס זײַנען געבליבן שטעקן אין בלאָטע. די כּנענים האָבן געמוזט אַרויס פֿון די רײַטוואָגנס און זיך שלאָגן אָן זיי. האָבן ייִדן צעשלאָגן די כּנענים. ייִדן האָבן געהאַט אַ גרויסן זיג. די כּנענים זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון די ייִדן.

זייער פֿירער סיסראָ איז אויך אַנטלאָפֿן. ער איז אַרײַן צו אַ פֿרוי וואָס איז געווען אַ פֿרײַנד פֿון די ייִדן. ער האָט געבעטן בײַ איר אַ ביסל וואַסער. האָט זי אים גע־געבן מילך. סיסראָ איז געווען זייער פֿאַרמאַטערט און איז אײַנגעשלאָפֿן אין געצעלט פֿון דער פֿרוי. איז די פֿרוי שטילערהייט צוגעקומען צו אים און האָט אים דער־הרגעט.



דבֿורה און ברק פֿירן די ייִדישע אַרמיי

ברק האָט געזיגט. ייִדן האָבן זיך זייער געפֿרייט און דבֿורה האָט געשאַפֿן אַ ליד וועגן דעם גרויסן זיג. דאָס ליד הייסט „דאָס דבֿורה־ליד". דאָס ליד איז דאָ אין תּנך. עס איז איינס פֿון די עלטסטע לידער.

נאָך אָט דעם זיג האָבן די כּנענים מער ניט געקענט זיך שטעלן קעגן די ייִדן. זיי האָבן געוואוסט: דאָס לאַנד כּנען איז שוין ניט זייערס, עס איז דאָס ייִדישע לאַנד.

| | |
|---|---|
| מוטיק | brave |
| משפּטן | to judge |
| צוגעגרייט | prepared |
| קריגסמאַן | warrior |
| רײַטוואָגנס | chariots |
| באַפֿאַלן | to attack |
| בלאָטע | mud |
| צעשלאָגן | defeated |
| זיג | victory |
| פֿאַרמאַטערט | tired |
| דערהרגעט | killed |



גדעון קלײַבט אויס זײַן אַרמיי

# גדעון

דאָס לאַנד איז געווען רואיק אַ סך יאָרן. עס זײַנען אָבער ווידער געקומען שלעכטע צײַטן. מדין, אַ פֿאָלק פֿון וואַנדערערס, וואָס האָט געוואוינט אויף יענער זײַט ירדן, איז אָנגעפֿאַלן אויף די ייִדן. זיי האָבן צוגענומען פֿון די ייִדן שעפּסן און אָקסן און אייזלען. זיי פֿלעגן וואַרטן ביז די ייִדן האָבן אַראָפּגענומען תּבֿואה פֿון די פֿעלדער און זיי באַפֿאַלן און צוגענומען די תּבֿואה.

ניט ווײַט פֿון דער שטאָט שכם האָט געלעבט גדעון פֿון דעם שבֿט מנשה. ער איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש און זײַן משפּחה איז געווען די אָרעמסטע אין דעם שבֿט. ער איז אָבער געווען אַ העלדישער מענטש

און ניט געוואָלט אַז זײַן פֿאָלק זאָל אַזוי שטאַרק לײַדן.
ער האָט באַשלאָסן צו באַפֿרײַען ייִדן פֿון די אָנפֿאַלערס.
גדעון האָט גענומען גרייטן זיך צו דער מלחמה. ער
האָט געבלאָזן אין אַ שופֿר און צוזאַמענגערופֿן מענטשן
פֿון זיין שבֿט און אויך פֿון אַנדערע שבֿטים. עס זײַנען
געקומען צו אים אַ סך ייִדן. גדעון האָט געזען אַז ער
האָט צו פֿיל מענטשן פֿאַר זײַן פּלאַן. פֿון אַלע ייִדן וואָס
זײַנען געקומען צו אים האָט ער אויסגעקליבן נאָר דרײַ
הונדערט, די מוטיקסטע. ער האָט זיי געפֿירט צו דעם
אָרט וואו עס איז געווען דער לאַגער פֿון מדין.

אין מיטן נאַכט, שטילערהייט, איז מען צוגעקומען
גאָר נאָענט צו דעם שונא. יעדערער פֿון די דרײַ הונ־
דערט מאַן האָט געהאַט אַ ליידיקן קרוג און אַ פֿאַקל.
מיט איין מאָל האָבן אַלע דרײַ הונדערט צעבראָכן די
קרוגן און הויך אויפֿגעהויבן די פֿאַקלען וואָס זיי האָבן
אָנגעצונדן. די מדינים האָבן פּלוצעם דערהערט אַ גרויסן
טומל. זיי האָבן דערזען ווי מענטשן מיט פֿאַקלען אין די
הענט לויפֿן אַרום צווישן זיי. זיי האָבן געהערט די
געשרייען:

— „פֿאַר גאָט און פֿאַר גדעון!"

די מדינים זײַנען געוואָרן שטאַרק צעטומלט און
צעשראָקן. זיי זײַנען געווען אַזוי צעטומלט, אַז זיי האָבן



אָנגעהויבן הרגענען איינער דעם אַנדערן. דער גאַנצער לאַגער איז אַנטלאָפֿן.

גדעון האָט געשיקט מענטשן צו די אַנדערע שבֿטים, מע זאָל אים העלפֿן נאָכיאָגן די מדינים. מען האָט אַרויס־געטריבן די מדינים פֿון דעם ייִדישן לאַנד. גדעון איז געוואָרן אַ שופֿט בײַ ייִדן. עס זײַנען געקומען צו אים מענער פֿון ישׂראל און געזאָגט:

— ווער אונדזער קיניג!

גדעון האָט ניט געוואָלט ווערן אַ קיניג. ער האָט געענטפֿערט:

— גאָט איז אײַער קיניג. איר דאַרפֿט ניט קיין אַנדער קיניג.

און גדעון איז געווען אַ שופֿט אַלע טעג פֿון זײַן לעבן.

| | |
|---|---|
| oxen | אָקסן |
| donkeys | אייזלען |
| grain, crops | תּבֿואה |
| suffer | לײַדן |
| camp | לאַגער |
| pitcher | קרוג |
| torch | פֿאַקל |

# שמשון

נאָך גדעונען זײַנען געווען אויך אַנדערע שופֿטים. זיי האָבן פֿאַרטיידיקט דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון די פֿעלקער אַרום.

אָבער עס איז געקומען אַ נײַער שׂונא פֿאַר ייִדן. דאָס איז געווען אַ פֿאָלק וואָס מע האָט גערופֿן פּלישתּים. זיי זײַנען געקומען פֿון די אינדזלען פֿון דעם גרויסן ים. זיי האָבן בײַם ברעג ים אויפֿגעבויט שטעט. די פּלישתּים האָבן געהאַט גוט געווער. זיי זײַנען געווען שטאַרק. די פּלישתּים זײַנען אַ סך מאָל אָנגעפֿאַלן אויף ייִדן. ייִדן האָבן געמוזט מלחמה האַלטן מיט זיי.

מער פֿון אַלץ האָט געליטן פֿון די פּלישתּים דער שבֿט דן. אין דעם שבֿט איז געבוירן געוואָרן זייער אַ שטאַרקער מאַן. ער האָט געהייסן שמשון. ער האָט קיין מאָל זיך ניט געשוירן די האָר. ער האָט נישט געטרונקען קיין ווײַן. ער איז געווען אַזוי שטאַרק אַז ער האָט מיט זײַנע הענט צעריסן אַ לייב. אַזוי דערציילט דער תּנך.

די פּלישתּים האָבן געהאַט אַ סך צרות פֿון שמשונען און זיי האָבן קיין זאַך ניט געקענט טאָן קעגן אים.

דער תּנך דערציילט וועגן אַ סך העלדישע זאַכן פֿון שמשונען. איין מאָל האָט שמשון גענעכטיקט אין אַ שטאָט פֿון די פּלישתּים. האָבן זיי פֿאַרשלאָסן די שווערע



Courtesy of the Metropolitan Museum of Art.

שמשון צעררײַסט דעם לייב

טויערן פֿון דער שטאָט און געוואָלט דערהרגענען שמשונען. אָבער שמשון איז אויפֿגעשטאַנען בײַנאַכט, אַרויסגעריסן אַליין די שווערע טויערן פֿון דער שטאָט און זיי אַוועקגעטראָגן אויף זײַנע פּלייצעס.

אַן אַנדער מאָל האָבן די פּלישתּים אים געבונדן.

אַרום זײַנען געווען אַפּשר טויזנט פּלישתּים. אָבער ער האָט צעריסן די שטריק, אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד אַ ביין פֿון אַן אייזל און מיט דעם ביין האָט ער גענומען שלאָגן און הרגענען די פּלישתּים.

איין מאָל האָט שמשון געכאַפּט דרײַ הונדערט פֿוקסן. ער האָט צו די עקן פֿון די פֿוקסן צוגעבונדן ברענענדיקע פֿאַקלען און געלאָזט די פֿוקסן לויפֿן איבער די פֿעלדער פֿון די פּלישתּים, וואָס זײַנען געווען פֿול מיט תּבֿואה. אַזוי האָט ער פֿאַרברענט די תּבֿואה פֿון די פּלישתּים.

שמשון האָט ליב געקראָגן אַ מיידל וואָס האָט געהייסן דלילה. זי איז געווען אַ טאָכטער פֿון די פּלישתּים. די פּלישתּים האָבן זי געבעטן:

— געפֿין אויס בײַ דײַן מאַן אין וואָס עס ליגט זײַן גרויסער כּוח.

האָט דלילה געזאָגט צו שמשונען:

— איך בעט דיך, זאָג מיר אויס אין וואָס עס ליגט דײַן כּוח.

האָט שמשון איר געגעבן פֿאַרשיידענע ענטפֿערס, אָבער זיי זײַנען ניט געווען די אמתע. די פּלישתּים האָבן אַלץ ניט געקענט באַזיגן שמשונען. ביז איין מאָל האָט דלילה געזאָגט צו שמשונען:

— דו לאַכסט פֿון מיר און דו זאָגסט מיר ליגן. זאָג מיר אויס אין וואָס עס ליגט דײַן כּוח. איך וועל קיינעם ניט דערציילן.

זי האָט אַזוי פֿיל מאָל געבעטן און געוויינט און ווידער געבעטן, אַז שמשון האָט אויסגעזאָגט:

— פֿון דעם טאָג פֿון מײַן געבוירן איז אַ שער ניט אַרויפֿגעקומען אויף מײַן קאָפּ. אויב מע זאָל מיר אָפּשערן די האָר, וועל איך פֿאַרלירן מײַן כּוח. איך וועל ווערן שוואַך און זײַן ווי אַלע מענטשן.

ווען שמשון איז געשלאָפֿן, האָט דלילה אַרײַנגערופֿן אַ מאַן און ער האָט אָפּגעשוירן די האָר פֿון זײַן קאָפּ. דערנאָך האָט זי אַ געשריי געטאָן:

— פּלישתּים באַפֿאַלן דיך, שמשון!

שמשון האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף און אַרויס קעגן די פּלישתּים, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף אים. ער איז איצט אָבער געווען אַזוי ווי אַלע אַנדערע מענטשן. די פּלישתּים האָבן אים געכאַפּט. זיי האָבן אים אויסגעשטאָכן די אויגן. ער איז געוואָרן בלינד און אַ שקלאַף ביי די פּלישתּים. זיי האָבן אים געשמידט אין קייטן און ער האָט געדרייט פֿאַר זיי מילשטיינער.

שמשונען איז געווען זייער שלעכט. אָבער די האָר האָבן גענומען ביסלעכווײַז וואַקסן.

די פּלישתּים האָבן געמאַכט אַ גרויסן יום־טוב, ווײַל

זיי האָבן געכאַפּט שמשונען. זיי זײַנען אַלע געקומען זיך פֿרייען אין זייערן אַ טעמפּל. מע האָט געבראַכט שמשונען און אים אַוועקגעשטעלט צווישן די זײַלן. דער בלינדער שמשון האָט מיט זײַנע הענט אַרומגענומען די זײַלן פֿון טעמפּל. דאָס הויז איז פֿול געווען מיט מענער און פֿרויען. זיי זײַנען אַלע געווען לוסטיק און געלאַכט פֿון דעם בלינדן שמשון. שמשון איז געוואָרן בייז און מיט אַלע זײַנע כּוחות גענומען שטופּן די זײַלן וואָס האָבן אויפֿגעהאַלטן דעם טעמפּל. מיט זײַנע ביידע הענט האָט ער אַרויסגעריסן די זײַלן. דער טעמפּל איז אײַנגעפֿאַלן און אַלע פּלישתּים זײַנען דערהרגעט געוואָרן. שמשון איז אויך דערהרגעט געוואָרן. ער איז געשטאָרבן מיט די ווערטער:

— לאָמיך שטאַרבן אין איינעם מיט די פּלישתּים!

שמשון איז געווען אַ שופֿט בײַ ייִדן צוואַנציק יאָר. שמשונען רופֿט מען שמשון הגיבור, שמשון דער העלד. נאָך שמשונען זײַנען געווען נאָך אַנדערע שופֿטים בײַ ייִדן.

| | |
|---|---|
| island | אינדזל |
| weapons | געווער |
| cut | געשוירן |
| spent the night | גענעכטיקט |
| gates | טויערן |
| shoulders | פּלייצעס |
| tied up | געבונדן |
| rope | שטריק |

| | |
|---|---|
| פוקסן | foxes |
| כוח | strength |
| געשמידט אין קייטן | put in chains |
| ביסלעכווײַז | little by little |
| זײַלן | columns, pillars |
| לוסטיק | merry |

## פֿ ר אַ ג ע ס

1. וואָס איז אַ שופֿט ?
2. ווי אַזוי האָט ברק געזיגט ?
3. ווי אַזוי איז סיסראָ דערהרגעט געוואָרן ?
4. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ ליד דאָס דבֿורה־ליד ?
5. פֿאַרוואָס איז גדעון געגאַנגען אין מלחמה מיט מדין ?
6. ווי אַזוי איז גדעון באַפֿאַלן דעם לאַגער פֿון מדין ?
7. וואָס ווייסטו פֿון שמשונס העלדישקייט ?
8. ווי אַזוי איז שמשון געשטאָרבן ?

## ט ר אַ כ ט  ו ו ע ג ן  ד ע ם

1. איז עס אַ געוויינטלעכע זאַך אַז אין אַלטע צײַטן זאָל אַ פֿרוי זײַן די פֿירערין פֿון איר פֿאָלק ?
2. גדעון האָט ניט געוואָלט ווערן אַ קיניג. פֿאַר־וואָס ?

# שמואל הנביא און שאול המלך

## דער זיג פֿון די פּלישתּים

די צײַט פֿון די שופֿטים איז געווען צוויי הונ־דערט יאָר. ייִדן האָבן געלעבט אין זייער לאַנד. זיי האָבן געאַרבעט אויף דער ערד. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט פֿאַרשיידענע מלאכות.

עס איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די ייִדן און אַנדערע פֿעלקער. ייִדן האָבן זיך געהאַלטן בײַ דער תּורה וואָס משה האָט זיי געגעבן. און מיט דעם זײַנען זיי געווען אַנדערש. עס זײַנען אויפֿגעקומען בײַ ייִדן נבֿיאים וואָס האָבן געלערנט דאָס פֿאָלק ווי אַזוי צו לעבן גוט און גערעכט. מיר לערנען איצט וועגן דעם נבֿיא שמואל.

ווען שמואל איז געווען נאָך גאָר אַ קליין קינד, האָט זײַן מוטער אים געבראַכט אין דער הייליקער שטאָט שילה און אים דאָרטן געלאָזט. שמואל אין דאָרטן אויס־געוואַקסן. דער כּהן עלי האָט אים דערצויגן און האָט אים געלערנט. עלי איז געווען דער הויפּט־כּהן בײַ ייִדן



מען טראָגט דעם אָרון אין דער מלחמה מיט די פּלישתּים

ער האָט זייער ליב געהאַט דעם יונגן שמואל. עלי איז געווען זיכער אַז שמואל וועט אויסוואַקסן אַ פֿירער בײַ ייִדן.

די פּלישתּים זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף ייִדישע שטעט און ייִדישע דערפֿער. די שבֿטים זײַנען ניט געווען פֿאַר־אייניקט. זײַנען די פּלישתּים געווען שטאַרקער. איין מאָל זײַנען ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע שבֿטים אַרויס זיך שלאָגן מיט די פּלישתּים. די פֿירערס האָבן געבעטן בײַ עלי דעם הייליקן אָרון. זיי האָבן געוואָלט האָבן מיט זיך דעם הייליקן אָרון, ווײַל זיי האָבן געגלייבט אַז דאָס וועט זיי העלפֿן געווינען די מלחמה. אָבער די פּלישתּים האָבן געוואונען. זיי האָבן פֿאַרכאַפּט דעם הייליקן אָרון. זיי האָבן צעשטערט די שטאָט שילה. עליס צוויי זין

זײַנען דערהרגעט געוואָרן. דער אַלטער עלי אַליין איז געשטאָרבן, ווען ער האָט דערהערט די טרויעריקע נײַס.

| | |
|---|---|
| trade, trades | מלאכה, מלאכות |
| raised, educated | דערצויגן |
| priest | כהן |
| villages | דערפֿער |
| destroyed | צעשטערט |

## שמואל הנביא לערנט דאָס פֿאָלק

ייִדן האָבן מער נישט געהאַט קיין הויפּט־כהן, עס איז נישט געווען קיין מלך. ייִדן האָבן אַפֿילו פֿאַרלוירן דעם הייליקן אָרון. דאָס ייִדישע פֿאָלק איז געווען אין געפֿאַר. עס האָט זיך געקענט ענדיקן די ייִדישע געשיכטע. דאָס האָט געטראָפֿן מיט אַ סך פֿעלקער: מע האָט זיי באַזיגט און זיי זײַנען געוואָרן אויס פֿאָלק.

עס איז אָבער געווען איין גרויסער מענטש וואָס האָט געהאָלפֿן ייִדן בלײַבן ייִדן. דאָס איז געווען שמואל. ער איז געוואָרן דער ייִדישער פֿירער נאָך עליס טויט. ער האָט ניט געוואוינט אין איין אָרט. ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן לאַנד. ער האָט געטרייסט ייִדן, ער האָט געגעבן קלוגע עצות וואָס צו טאָן. ער האָט געהאָלפֿן אַז ייִדן זאָלן בלײַבן ייִדן. ער האָט גערעדט אין נאָמען פֿון גאָט און ער האָט געזאָגט, אַז עס וועלן קומען

בעסערע צײַטן. דערפֿאַר האָט מען אים גערופֿן נבֿיא, שמואל הנבֿיא.

| | |
|---|---|
| געפֿאַר | danger |
| געטראָפֿן | happened |
| געטרייסט | consoled |
| עצה, עצות | advice |

## ייִדן ווילן אַ קיניג

דאָס לעבן איז געווען שווער. ייִדן האָבן געדאַרפֿט אָפּגעבן אַ טייל פֿון זייערע פּרוכטן און אַ טייל שאָף און ציגן צו די פּלישתּים. די פּלישתּים האָבן ניט געלאָזן אַז ייִדן זאָלן זײַן שמידן, כּדי ייִדן זאָלן ניט קענען מאַכן געווער. ייִדן זײַנען ניט געווען מער פֿרײַ אין זייער אייגן לאַנד. אָבער ייִדן האָבן ניט געוואָלט אַזאַ לעבן. זיי זײַנען געקומען צו שמואלן און געזאָגט:

— מיר ווילן אַ מלך. אַ מלך וועט אונדז פֿאַראייניקן און וועט פֿירן מלחמה מיט אונדזערע שׂונאים. אַ מלך קען אונדז העלפֿן.

שמואל האָט ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן האָבן אַ מלך, ווײַל שמואל האָט ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן זײַן ווי אַנדערע פֿעלקער. האָט ער געזאָגט:

— געדענקט, אַ קיניג קען זײַן שלעכט און שטרענג. אַ קיניג וועט נעמען בײַ אײַך שטײַערן. ער וועט צונעמען אײַערע זין פֿאַר סאָלדאַטן און אײַערע טעכטער פֿאַר דינסטן. אײַערע גוטע פֿעלדער און ווײַנגערטנער וועט ער צונעמען און אַוועקגעבן צו זײַנע מענטשן.

אָבער דאָס פֿאָלק האָט דאָס מאָל ניט געוואָלט הערן שמואלן. זיי האָבן געזאָגט:

— מיר מוזן האָבן אַ מלך, כּדי ער זאָל פֿירן פֿאַר אונדז אונדזערע מלחמות. שמואל האָט געוואוסט אַז ער אַליין קען ניט פֿירן יידן אין אַ מלחמה קעגן די פּלישתּים.

| | |
|---|---|
| sheep | שאָף |
| blacksmiths | שמידן |
| unite | פֿאַראייניקן |
| taxes | שטײַערן |
| servants | דינסטן |
| vineyards | ווײַנגאָרטן, ווײַנגערטנער |

## שמואל געפֿינט שאולן

שמואל האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַ קיניג. ער האָט לאַנג געזוכט. ער האָט געוואָלט זײַן זיכער אַז דער קיניג וועט זײַן אַ גוטער מענטש.

איין מאָל איז צו אים געקומען אַ מאַן וואָס האָט געהייסן שאול. שאול האָט געדאַרפֿט אַן עצה פֿון דעם נבֿיא. ער האָט פֿאַרלאָרן זײַנע אייזעלינס. ער האָט געוואָלט אַז שמואל זאָל אים העלפֿן זיי געפֿינען. שאול איז געווען אַ יונגער און אַ שיינער, אַ הויכער און אַ שטאַרקער מאַן. ער איז געווען פֿון קלענסטן שבֿט, פֿון שבֿט בנימין. האָט שמואל געטראַכט: ער וועט זײַן אַ גוטער קיניג. האָט שמואל אַרויפֿגעגאָסן אייל אויף זײַן קאָפּ. אין יענע צײַטן איז דאָס געווען דער צייכן



שמואל זאַלבט שאולן

אַז דער מענטש ווערט אַ קיניג. האָט מען שפּעטער געזאָגט :

— שאול איז געגאַנגען זוכן אייזעלינס און האָט געפֿונען אַ מלוכה.

קיינער האָט ניט געוואוסט אַז שמואל האָט געזאָגט שאולן אַז ער וועט ווערן דער קיניג. שאול איז אַוועק צוריק אַהיים אַרבעטן אויף זײַנע פֿעלדער. שמואל האָט גערופֿן דאָס גאַנצע פֿאָלק אויסצוקלײַבן אַ קיניג. און דאָס פֿאָלק האָט אויסגעקליבן שאולן פֿאַר אַ מלך.

| | |
|---|---|
| advice | עצה |
| donkeys | אייזעלינס |
| oil | אייל |
| mark, sign | צייכן |
| annoint | זאַלבן |
| kingdom | מלוכה |

## שאול העלפֿט קעגן די שׂונאים

דער נײַער קיניג שאול האָט זיך געפֿירט זייער איינפֿאַך. ער האָט געלעבט ווי אַלע. ווען ער איז שוין געווען קיניג, האָט ער אויך ווײַטער געאַרבעט אויף זײַן פֿעלד.

איין מאָל, ווען שאול איז געקומען פֿון פֿעלד, האָט ער געהערט אַ גרויסן טומל. ער האָט געזען, ייִדן שטייען און וויינען. האָט ער געפֿרעגט וואָס עס איז געשען. האָט מען אים דערציילט:

— דער קיניג פֿון עמון איז אָנגעפֿאַלן אויף אַ ייִדישער שטאָט, און קיינער איז ניטאָ ווער עס זאָל ראַטעווען די שטאָט ייִדן.

שאול האָט גלײַך באַשלאָסן צו ראַטעווען די שטאָט. ער האָט געשיקט מענטשן צו אַלע שבֿטים, מע זאָל קומען צו אים אין דער אַרמיי. ער האָט גיך געשאַפֿן אַ ייִדישע אַרמיי. שאולס אַרמיי האָט געזיגט. שאול האָט באַפֿרײַט די שטאָט. ייִדן זײַנען געווען צופֿרידן מיט זייער קיניג.

נאָך דער מלחמה איז שאול צוריקגעקומען צו זײַן שטיק לאַנד. אָבער אַ טייל פֿון דער אַרמיי איז שוין געבליבן מיט אים. שאול האָט געזען אַז ייִדן מוזן האָבן אַן אייגענע אַרמיי. דאָס פֿאָלק האָט געזען אַז דער נײַער

קיניג איז אַן אמתער פֿירער און מען איז געקומען צו אים נאָך עצות. ער האָט געמשפּט דאָס פֿאָלק.

טומל noise

## שאולס זיג איבער די פּלישתּים

ווען די פּלישתּים האָבן דערהערט וועגן שאולס זיג, האָבן זיי אַרײַנגעשיקט אַ גרויסע אַרמיי אין דעם ייִדישן לאַנד. שאול האָט אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט די פּלישתּים. די מלחמה האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צײַט. שאול איז געווען אַ גוטער קריגסמאַן און די ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו זיגן איבער די פּלישתּים.

איין מאָל זײַנען די פּלישתּים געווען אויף אַ הויכן באַרג. אויף דעם באַרג האָט מען געקענט אַרויפֿגיין פֿון דרײַ זײַטן. פֿון דער פֿערטער זײַט איז געווען גאָר אַ הויכער פֿעלדז. די פּלישתּים זײַנען געווען זיכער אַז קיינער קען פֿון אָט דער זײַט ניט אַרויפֿקומען. זיי האָבן אַפֿילו קיין וואַך ניט געשטעלט פֿון אָט דער זײַט.

שאולס עלטסטער זון האָט געהייסן יונתן. ער איז געווען זייער מוטיק. יונתן מיט זײַן יונג זײַנען אַליין אַרויפגעקראָכן אויפֿן פֿעלדז אין מיטן נאַכט. ווען עס איז געוואָרן טאָג, האָבן זיי גענומען פֿון אויבן שיסן אויף די פּלישתּים. די פּלישתּים האָבן געמיינט אַז דאָרטן זײַנען דאָ אַ סך ייִדן. האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיי זײַנען אַוועק פֿון זייער אָרט. שאול און זײַן ייִדישע אַרמיי

האָבן געזען ווי די פּלישתּים גייען אַוועק. האָבן זיי נאָכ־
געיאָגט די פּלישתּים און דערהרגעט אַ סך ייִדישע שׂונאים.
עס איז געווען אַ גרויסער זיג פֿאַר שאולן און פֿאַר ייִדן.

שאול האָט זיך אַ סך געשלאָגן מיט די פּלישתּים.
ער האָט אַ סך מאָל געזיגט. פֿון די מלחמות איז שאול
געוואָרן טרויעריק. ער האָט געזען אַזוי פֿיל מענטשן
מיט שווערע וואונדן; ער האָט געזען אַזוי פֿיל טויטע.
האָט ער זיך שלעכט געפֿילט. ער איז געווען קראַנק.

| | |
|---|---|
| פֿעלדז | cliff |
| וואַך | guard |
| יונג | armor bearer |
| אַרויפֿגעקראָכן | climbed |
| טרויעריק | sad |

## שמואל קלײַבט אויס דודן

שמואל האָט געוואוסט אַז שאול פֿילט זיך
שלעכט, אַז ער גייט אַרום אַ טרויעריקער. שמואל האָט
געטראַכט אַז דאָס איז ניט גוט פֿאַר ייִדן. איז שמואל
געוואָרן אומצופֿרידן מיט שאולן. שמואל און שאול זײַנען
מער ניט געווען קיין פֿרײַנד. פֿון דעם איז שאול נאָך
טרויעריקער געוואָרן.

שמואל האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַ מענטשן וואָס זאָל
ווערן קיניג נאָך שאולן. ער איז געגאַנגען איבערן לאַנד
און זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ מענטשן פֿון שבֿט יהודה,
וואָס האָט געהאַט זיבן זין. דער ייִנגסטער פֿון זיי איז

געווען אַ פּאַסטעך. ער האָט געהייסן דוד. דוד איז געווען זייער אַ שיינער; ער האָט געקענט גוט זינגען און שפּילן אויף אַ האַרף.

אַזוי ווי שמואל האָט אַמאָל געטאָן מיט שאולן, האָט ער עס איצט געטאָן מיט דודן. שמואל האָט אויף דודס קאָפּ אַרויפֿגעגאָסן אייל און געזאָגט, אַז ער וועט אַמאָל זײַן דער ייִדישער קיניג. דערנאָך איז שמואל אַוועק, און דוד איז צוריקגעגאַנגען צו זײַנע שאָף.

| | |
|---|---|
| אומצופֿרידן | dissatisfied |
| האַרף | harp |

## דוד און גלית

איין מאָל איז די ייִדישע אַרמיי געווען אויף איין באַרג און די אַרמיי פֿון די פּלישתּים אויף אַן אַנדער באַרג. ביידע אַרמייען האָבן געוואַרט, ווער עס זאָל די ערשטע אָנהייבן די שלאַכט. אין דער ייִדישער אַרמיי זײַנען געווען די עלטערע ברידער פֿון דודן. דודס פֿאָטער האָט געשיקט זײַן ייִנגסטן זון צו זײַנע ברידער מיט מתּנות פֿון דער היים. דוד איז געקומען צו זײַנע ברידער און ער זעט:

אין טאָל צווישן די ביידע אַרמייען שטייט אַ הויכער פּלישתּי. ער איז העכער ווי אַלע מענטשן. ער איז אַ ריז. ער האָט געהייסן גלית.



דוד און גלית

און גלית שרײַט אויס:

— ווער פֿון אײַך ייִדן וויל זיך שלאָגן מיט מיר?
קלײַבט אויס אַ מענטשן און זאָל ער אַראָפּקומען צו מיר!
וועט ער מיך באַזיגן, וועלן ייִדן זיגן. וועל איך אים
באַזיגן — וועט איר דאַרפֿן אונדז דינען!

אַזוי האָט גלית געשריִען און ער האָט געלאַכט וואָס קיין איין ייִד קומט ניט אַרויס זיך שלאָגן מיט אים.

ווען דוד האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל גיין זיך שלאָגן מיט דעם פּלישתּי.

זײַנע ברידער האָבן אים ניט געלאָזט. אָבער דוד האָט ווידער אויסגערופֿן אַז ער וויל זיך שלאָגן מיטן ריז. האָט מען געבראַכט דודן צו שאולן. שאול האָט אים געזאָגט:

— דו ביסט אַ ייִנגל און ער איז אַ גוטער קריגסמאַן.

האָט דוד דערציילט אַז ער האָט שוין געראַטעוועט זײַנע שאָף פֿון אַ לייב און פֿון אַ בער. האָט שאול געזאָגט צו דודן:

— גיי און זאָל גאָט זײַן מיט דיר.

און שאול האָט געגעבן דודן אַ פּאַנצער און אַ גרויסע שווערד. נאָר דוד איז ניט געווען צוגעוואוינט צו טראָגן אַ פּאַנצער. האָט ער אים אויסגעטאָן. דוד האָט אויסגעקליבן פֿינף גלאַטע שטיינער. די שטיינער האָט ער אַרײַנגעלייגט אין דעם זעקל וואָס ער האָט געטראָגן. ער האָט נאָר מיטגענומען אַ שלײַדערער אויף צו שיסן שטיינער. און דוד איז אַרויס קעגן דעם ריז גלית.

ווען דער ריז האָט געזען דודן, האָט ער זיך צע־

לאַכט. ער האָט געזאָגט צו דודן: קום נאָר נענטער! און דוד האָט אויסגערופן:

— דו קומסט צו מיר מיט שווערד און מיט שפּיז, און איך קום צו דיר אין נאָמען פֿון ייִדישן גאָט.

גלית איז געוואָרן אין כּעס און איז געגאַנגען קעגן דודן. דוד האָט אַרײַנגעשטעקט זײַן האַנט אין זעקל, אַרויסגענומען פֿון דאָרטן אַ שטיין און מיט זײַן שלײַדערער געשאָסן דעם שטיין. דער שטיין האָט געטראָפֿן דעם פּלישתּי אין שטערן און דער ריז איז געפֿאַלן צו דער ערד. דוד האָט אַרויסגעכאַפּט די שווערד פֿון גליתן און אים געטייט מיט זײַן אייגענער שווערד.

ווען די פּלישתּים האָבן געזען אַז זייער גרויסער העלד ליגט אַ טויטער, האָבן זיי אָנגעהויבן לויפֿן. שאול און אַלע ייִדן זײַנען זיי נאָכגעלאָפֿן און זיי שטאַרק צעשלאָגן. דוד איז געוואָרן אַ גרויסער העלד.

שאול האָט גענומען דודן צו זיך. ער האָט זייער ליב געהאַט דודן. ווען שאול איז געווען טרויעריק, האָט דוד געשפּילט פֿאַר אים אויף דער האַרף און געזונגען. דוד האָט איצט שוין געלעבט בײַ דעם קיניג. ער איז געוואָרן אַ פֿירער פֿון אַ טייל פֿון דער אַרמיי. דוד האָט חתונה געהאַט מיט שאולס טאָכטער מיכל. ער איז געוואָרן זייער אַ גוטער פֿרײַנד פֿון שאולס זון יונתן.

| | |
|---|---|
| gifts | מתנה, מתנות |
| giant | ריז |
| armor | פאַנצער |
| used to, accustomed | צוגעוואוינט |
| smooth | גלאַטע |
| bag, sack | זעקל |
| slingshot | שלײַדערער |
| angry | אין כּעס |
| forehead | שטערן |

## דוד אַנטלויפֿט פֿון שאולן

אָבער שאול איז שוין געווען אַ קראַנקער מענטש. ער האָט געהערט ווי אַלע אַרום לויבן דודן. מע האָט אים דערציילט אַז ייִדישע פֿרויען האָבן געמאַכט אַ לידעלע:

„שאול האָט געשלאָגן אין טויזנטער און דוד אין זײַנע צען־טויזנטער."

שאול האָט אויך גוט געדענקט אַז שמואל האָט אים געזאָגט: „דײַן זון וועט נאָך דיר קיין קיניג ניט זײַן". האָט שאול מורא געהאַט פֿאַר דודן. איין מאָל האָט ער געוואָרפֿן אַ שפּיז אויף דודן. די שפּיז האָט דודן ניט געטראָפֿן. דוד האָט אָבער באַשלאָסן צו אַנטלויפֿן פֿון שאולן. זײַן גוטער חבֿר, שאולס זון יונתן, האָט אים געהאָלפֿן אַנטלויפֿן.

ווען דוד איז אַנטלאָפֿן, זײַנען מיט אים מיטגעגאַנגען זײַנע פֿרײַנד צווישן די סאָלדאַטן. דוד האָט זיך באַהאַלטן אין בערג. ער האָט אַרומגעוואַנדערט אין

מדבר, אין דרום פון דעם ייִדישן לאַנד. ער האָט מורא געהאַט אַז שאול וועט אים דערהרגענען. שאול האָט גענומען סאָלדאַטן און האָט נאָכגעיאָגט דודן. אָבער מע האָט ניט געקענט כאַפּן דודן.

איין מאָל איז שאול געקומען נאָענט צו דעם אָרט אין די בערג וואו דוד איז געווען. עס איז געווען אָוונט. שאולס מענטשן האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן. שאול האָט זיך אויך געלייגט שלאָפֿן. לעבן אים איז געווען זײַן שפּיז און אַ קרוג וואַסער. דוד האָט געזען אַז שאולס מענטשן שלאָפֿן. האָט ער זיך אַרײַנגעגנבֿעט אין שאולס לאַגער. ער האָט געזען ווי שאול שלאָפֿט. ער האָט געקענט הרגענען שאולן. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. ער האָט צוגענומען שאולס שפּיז און דעם קרוג וואַסער. ער איז צוריק אַוועק אין די בערג. ער האָט זיך געשטעלט אויף אַ הויכן באַרג און געשריִען צו שאולס מענטשן:

— פֿאַרוואָס היט איר ניט אײַער קיניג? איך האָב אים געקענט דערהרגענען. ער האָט זיי געוויזן שאולס שפּיז. און שאול האָט דאָס געהערט. ער האָט געוואוסט אַז דוד האָט אים געקענט הרגענען און דאָס ניט געטאָן. ער איז אַוועק און מער זיך ניט געיאָגט נאָך דודן.

דוד האָט געוואוסט אַז שאול איז ניט קיין שלעכטער מענטש. ער האָט גוט געדענקט די אַלע גוטע זאַכן וואָס

שאול האָט פֿאַר אים געטאָן. דוד האָט געוואוסט אַז שאול האָט זיך געיאָגט נאָך אים נאָר דערפֿאַר ווײַל ער איז קראַנק.

דוד האָט געוואָלט בלײַבן שאולס פֿריינד. איין מאָל האָט שאול געמאַכט אַ סעודה פֿאַר זײַנע פֿרײַנד. ער האָט געבעטן אַז דוד זאָל קומען אויף דער סעודה. דוד האָט געוואָלט קומען. ער האָט אָבער מורא געהאַט פֿאַר שאולן. ער האָט זיך געטראָפֿן מיט זײַן פֿרײַנד יונתן. דוד האָט אים געפֿרעגט וואָס ער זאָל טאָן. יונתן האָט געענטפֿערט:

— באַהאַלט זיך הינטער אַ שטיין, ניט ווײַט פֿון דעם אָרט וואו דער קיניג און זײַנע פֿרײַנד עסן. איך וועל גיין אויף דער סעודה און רעדן מיטן קיניג. איך וועל זען צי ער וויל דיך הרגענען.

דוד האָט געפֿרעגט:

— ווי אַזוי וועל איך וויסן וואָס שאול וויל טאָן?

האָט יונתן געענטפערט:

— ווען איך וועל וויסן וואָס שאול וויל טאָן מיט דיר, וועל איך אויסשיסן דרײַ פֿײַלן. איידער איך וועל שיסן וועל איך הייסן מײַן יונג, ער זאָל לויפֿן זען וואו די פֿײַלן פֿאַלן. אויב שאול וויל דיך הרגענען, וועל איך שיסן די פֿײַלן פֿאָרויס פֿון דעם יונג; אויב שאול וויל

דיך ניט הרגענען, וועל איך שיסן די פֿײַלן הינטער דעם יונג. דו וועסט עס זען, וועסטו וויסן וואָס שאול וויל.

דוד האָט געטאָן וואָס יונתן האָט אים געהייסן. יונתן איז געקומען אויף דער סעודה. שאול האָט אים געפֿרעגט: וואו איז דוד? יונתן האָט געענטפֿערט: ער איז אין זײַן טאַטנס הויז. האָט שאול געזאָגט: דו האָסט אים געזאָגט אַז איך וויל אים הרגענען. יונתן איז אַוועק אין פֿעלד. ער האָט גענומען פֿײַל־און־בויגן. ער האָט געהייסן זײַן יונג לויפֿן און געשאָסן די פֿײַלן פֿאָרויס. דוד האָט דאָס געזען. ער איז ניט געקומען אויף דער סעודה. ער איז ווידער אַנטלאָפֿן.

| | |
|---|---|
| לויבן | praise |
| דרום | south |
| סעודה | feast |
| באַהאַלטן | hide |

## שאולס טויט

דערווײַל איז די מלחמה מיט די פּלישתּים ווײַטער געגאַנגען. די פּלישתּים זײַנען איצט געקומען מיט זייער אַ גרויסער אַרמיי און זיי זײַנען באַפֿאַלן די ייִדן. די ייִדישע אַרמיי איז געווען קלענער און שוואַכער און די פּלישתּים האָבן געוואונען. עס איז געווען אַ ביטערע שלאַכט. אַ סך ייִדן זײַנען דערהרגעט געוואָרן. יונתן און זײַנע צוויי ברידער זײַנען דערהרגעט געוואָרן.

שאול איז געבליבן כמעט איינער אַליין אויפֿן שלאַכט־פֿעלד. ער האָט געזען אַז די שלאַכט איז פֿאַרלוירן. ער האָט געזען אַז די פּלישתּים קומען צו נענטער צו אים. ער האָט ניט געוואָלט אַז די פּלישתּים זאָלן אים נעמען אַ לעבעדיקן. האָט ער זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זײַן אייגענער שווערד און געפֿאַלן אַ טויטער.

אַזוי איז געשטאָרבן דער ערשטער ייִדישער קיניג שאול המלך. ער איז געווען אַ גרויסער פֿירער. ער איז געווען אַ גוטער קריגסמאַן און האָט העלדיש זיך געשלאָגן מיט די ייִדישע שׂונאים. ער איז געווען אַ גוטער מענטש, אָבער ער איז ניט געווען קיין גליקלעכער מענטש.

שאול איז געבליבן אַ גרויסער העלד אין דער ייִדישער געשיכטע.

## פֿ ר אַ ג ע ס

1) וואָס איז אַ נבֿיא?

2) ווער האָט דערצויגן און געלערנט שמואלן?

3) ווי אַזוי האָבן ייִדן פֿאַרלוירן דעם הייליקן אָרון?

4) וואָס איז געווען עליס סוף?

5) וואָס האָט שמואל אויפֿגעטאָן?

6) ווי אַזוי האָט שמואל זיך באַגעגנט מיט שאולן?

7) פֿאַרוואָס האָבן ייִדן געוואָלט אַ קיניג?

8) ווי אַזוי האָט שאול זיך געפֿירט, ווען ער איז שוין געוואָרן אַ קיניג?

9) ווי אַזוי האָט יונתן געהאָלפֿן זיגן איבער די פּלישתּים?

10) ווי אַזוי האָט דוד באַזיגט גליתן?

11) וואָס האָט שאול געטאָן פֿאַר דודן?

12) פֿאַרוואָס האָט שאול זיך געשראָקן פֿאַר דודן?

13) וואָס איז געווען דער סוף פֿון דעם ערשטן ייִדישן מלך?

## טראַכט וועגן דעם

1) שמואל האָט ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן האָבן אַ קיניג. פֿאַרוואָס האָט ער ניט געוואָלט? איז עס גוט וואָס שמואל האָט געטאָן ווי דאָס פֿאָלק האָט געוואָלט? איז אַ קיניג גוט? איז דעמאָלט געווען גוט צו האָבן אַ קיניג?

2) שאול האָט געפֿירט אַ סך מלחמות. פֿאַרוואָס איז שאול געוואָרן טרויעריק? וואָס טראַכט מען הײַנט וועגן מלחמות?

3) דוד האָט באַזיגט גליתן. גלית איז געווען אַ ריז מיט אַ פּאַנצער, מיט אַ שפּיז און אַ שווערד. דוד האָט געהאַט עטלעכע שטיינדלעך. וואָס לערנט אונדז די גאַנצע מעשׂה?

4) שאול איז געווען אין כעס אויף דודן און האָט געוואָלט אים טייטן. איז שאול געווען גערעכט?

5) שאול האָט זיך גענומען דאָס לעבן. האָט ער ריכטיק געטאָן?



שאולס טויט

# דוד המלך

## דוד איז קיניג אין חברון

ווען דוד האָט געהערט אַז שאול איז טויט, האָט ער געוויינט. ער האָט אָנגעשריבן אַ טרויער־ליד אויפֿן טויט פֿון שאולן און פֿון זײַן גוטן פֿרײַנד יונתן. אין ליד שרײַבט ער ווי העלדיש זיי זײַנען ביידע געווען:

שאול און יונתן —
זיי האָבן זיך זייער ליב געהאַט
אין זייער לעבן,
אַפֿילו דער טויט האָט זיי ניט צעשיידט.
פֿון אָדלערס זײַנען זיי געווען פֿלינקער,
פֿון לייבן זײַנען זיי געווען שטאַרקער.

ווען די מענטשן פֿון שבֿט יהודה האָבן געהערט אַז שאול איז טויט, האָבן זיי דודן געמאַכט פֿאַר אַ קיניג. די אַלע אַנדערע שבֿטים האָבן געמאַכט פֿאַר אַ קיניג שאולס יינגסטן זון. עטלעכע יאָר זײַנען געווען צוויי קיניגן. די מענטשן פֿון די ביידע קיניגן האָבן זיך אַפֿילו געשלאָגן צווישן זיך. אָבער דוד איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. מע

האָט אים אַלץ מער ליב געקראָגן. ווען שאולס זון איז דערהרגעט געוואָרן, האָבן אַלע ייִדישע שבֿטים אויס־געקליבן דודן פֿאַר אַ קיניג.

דוד איז איצט געווען שטאַרק. האָט ער געקענט ווײַטער פֿירן מלחמה קעגן די פּלישתּים. ער האָט גע־וואונען אַ סך שלאַכטן. ער האָט אַרויסגעטריבן די פּלישתּים פֿון דעם ייִדישן לאַנד. מער האָבן ייִדן קיין צרות פֿון די פּלישתּים ניט געהאַט.

| | |
|---|---|
| טרויער־ליד | song of sorrow |
| צעשיידט | parted |
| אָדלערס | eagles |
| פֿלינקער | faster |
| אַרויסגעטריבן | chased out |

## ירושלים ווערט די הויפּטשטאָט

דוד האָט געהאַט אַ שטאַרקע אַרמיי און ייִדן האָבן פֿאַר קיינעם נישט געדאַרפֿט מורא האָבן. אין דעם גאַנצן לאַנד כּנען איז געבליבן איין שטאָט וואָס איז נאָך ניט געווען אין ייִדישע הענט. דאָס איז געווען די שטאָט ירושלים.

ירושלים איז געווען אַן אַלטע שטאָט. זי איז געלעגן צווישן בערג. די ווענט אַרום דער שטאָט זײַנען געווען הויכע און שטאַרקע. איז דעריבער געווען שווער אײַנ־צונעמען די שטאָט. דוד האָט לאַנג געטראַכט ווי אַזוי ער קען אײַננעמען די שטאָט ירושלים.

ירושלים האָט געהאַט אַ לאַנגן, לאַנגן טונעל אַרײַנצובורעװען װאַסער. דוד האָט געפֿונען דעם טונעל. בײַנאַכט איז ער מיט זײַן אַרמיי אַרײַן אין דעם טונעל. מען איז דורכגעגאַנגען דעם טונעל און מען איז אַרײַן אין ירושלים. אַזוי האָט דוד באַזיגט די אײַנװאױנערס פֿון דער שטאָט. ירושלים איז פֿון דעמאָלט אָן אַ ייִדישע שטאָט.

ירושלים איז געװען אַ שײנע שטאָט. זי איז אין מיטן פֿון לאַנד. זי האָט פֿריִער ניט געהערט צו קײן ייִדישן שבֿט. (דער נאָענטסטער שבֿט צו דער שטאָט איז געװען דער שבֿט בנימין). האָט דוד באַשלאָסן צו מאַכן די שטאָט ירושלים פֿאַר דער הױפּטשטאָט.

פֿון די פּלישתּים האָט מען שױן פֿריִער צוגענומען דעם הײליקן אָרון. איצט האָט מען דעם הײליקן אָרון געבראַכט קײן ירושלים. ירושלים איז געװאָרן אַ הײליקע שטאָט. פֿון גאַנצן לאַנד זײַנען ייִדן געקומען קײן ירושלים צו דינען גאָט.

אַזוי איז ירושלים געװאָרן די שטאָט פֿון דעם קיניג דוד און אױך די שטאָט װאו מע קומט דינען גאָט.

הױפּטשטאָט — capital

## די ייִדישע מלוכה װערט שטאַרק

דוד איז געװען אַ גוטער און אַ קלוגער קיניג.

ער האָט פֿאַרטריבן אַלע יידישע שׂונאים. זײַן מלוכה איז געוואָרן גרויס און שטאַרק. ער האָט גרעסער גע־מאַכט די ייִדישע מלוכה. ער איז געווען אַ באַרימטער קריגסמאַן. אַלע פֿעלקער אַרום האָבן מורא געהאַט פֿאַר אים. ער האָט געהאַט אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי. ער האָט געזיגט אין אַ סך מלחמות.

דוד איז געווען קלוג. ער האָט געוואוסט ווי צו פֿירן דאָס פֿאָלק. ער האָט געהאַט גוטע מענטשן וואָס האָבן אים געהאָלפֿן. ער האָט געהאַט פֿרײַנד אין די לענדער, וואָס זײַנען געווען נאָענט פֿון ארץ־ישׂראל. איינס פֿון די לענדער איז געווען פֿעניקיע. דוד האָט געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט דעם קיניג פֿון פֿעניקיע. פֿון דאָרטן האָט ער געבראַכט האָלץ און אַנדערע מאַטע־ריאַלן. פֿעניקיער זײַנען אַרומגעפֿאָרן אויף די ימען. זיי האָבן געבראַכט אַ סך זאַכן פֿון ווײַטע לענדער. ייִדן האָבן באַקומען פֿון זיי פֿאַרשיידענע זאַכן, און ייִדן האָבן זיי געשיקט תּבֿואה, ווײַן און אייל. ייִדן האָבן אויך געהאַנדלט מיט אַנדערע פֿעלקער.

ייִדן האָבן געלעבט פֿון באַאַרבעטן די ערד. אַנ־דערע האָבן געלעבט פֿון פּאַשען שאָף, ציגן און קי. עס זײַנען געווען בײַ ייִדן בעלי־מלאכות. אַ טייל ייִדן זײַנען געוואָרן רײַך. דאָס לעבן איז געוואָרן גרינגער.

ייִדן האָבן געפֿילט אַז עס איז גוט צו לעבן אין אַ שטאַרק לאַנד וואָס ווערט געפֿירט פֿון אַ קלוגן קיניג.

| | |
|---|---|
| פֿאַרטריבן | drove out |
| באַרימטער | famous |
| געהאַנדלט | traded |
| פֿאַשען | grazing |
| בעלי־מלאכות | skilled workers, artisans |

## דאָס שעפֿעלע פֿון דעם אָרעמאַן

דער קיניג דוד איז געווען זייער אַ העל־דישער מענטש און זייער אַ קלוגער און אַ גוטער. אָבער איין מאָל האָט ער געטאָן זייער אַ שלעכטע זאַך: ער האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ פֿרוי און האָט זי צוגענומען פֿון איר מאַן. איז דער נבֿיא נתן, וואָס איז געווען דודס אַ גוטער פֿרײַנד, געקומען צו דודן און אים דערציילט אַזאַ מעשׂה:

— אין אַ שטאָט האָבן געלעבט צוויי מענטשן, איינער אַ רײַכער, דער אַנדערער אַן אָרעמאַן. בײַ דעם רײַכן זײַנען געווען זייער אַ סך שאָף און ציגן און קי. דער אָרעמאַן האָט געהאַט נאָר איין קליין שעפֿעלע.

איז געקומען אַ גאַסט צו דעם רײַכן מאַן. האָט דער רײַכער ניט גענומען פֿון זײַנע שאָף צו געבן עסן דעם גאַסט. ער האָט צוגערויבט דאָס שעפֿעלע פֿון אָרעמאַן און געמאַכט פֿון דעם אַ מאָלצײַט פֿאַר דעם גאַסט.

דוד איז געוואָרן אין כּעס און ער האָט געזאָגט צו נתנען:

— עס איז אַ שרעקלעכער פֿאַרברעכן! מע דאַרף דעם רײַכן באַשטראָפֿן!

האָט נתן געזאָגט צו דודן:

— דו ביסט דער מאַן. זע: גאָט האָט דיך געמאַכט פֿאַר אַ קיניג איבער דעם גאַנצן ייִדישן פֿאָלק. גאָט האָט דיר געגעבן אַלץ וואָס דו ווילסט און דו — האָסט צוגענומען דאָס שעפּעלע פֿון דעם אָרעמאַן!

און נתן איז אַוועקגעגאַנגען.

דודן האָט זייער שטאַרק פֿאַרדראָסן און ער האָט געוויינט.

| | |
|---|---|
| שעפּעלע | little sheep |
| פֿאַרליבט | fell in love |
| צוגערויבט | robbed |
| מאָלצייט | meal |
| שרעקלעך | terrible |
| פֿאַרברעכן | crime |
| באַשטראָפֿן | punish |
| פֿאַרדראָסן | aggravated |

## צרות פֿון קינדער

דוד האָט געהאַט אַ סך קינדער. ער איז שוין געווען אַלט און זײַנע זין האָבן געטראַכט: ווער וועט זײַן אַ קיניג נאָך דעם פֿאָטערס טויט? די זין האָבן ניט גוט געלעבט צווישן זיך. דודן האָט עס זייער ווי געטאָן.

איינער פֿון דודס זין האָט געהייסן אַבֿשלום. ער איז געווען זייער אַ שיינער און האָט זיך געפֿירט ווי אַ קיניג. ער האָט געהאַט אַ סך דינערס. ער האָט געהאַט אַ רײַטוואָגן און פֿופֿציק מאַן זײַנען געלאָפֿן פֿאָרויס, ווען ער איז געפֿאָרן. ער האָט ניט געוואָלט וואַרטן אויף זײַן פֿאָטערס טויט. ער האָט געוואָלט גלײַך ווערן דער קיניג. ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט זײַנע פֿריינד. ער האָט זיך געשאַפֿן אַן אַרמיי. אַבֿשלומס פֿרײַנד האָבן געוואָלט אים שוין מאַכן פֿאַר דעם קיניג.

דער אַלטער קיניג דוד האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם. ער האָט ניט געוואָלט קיין מלחמה מיט זײַן אייגענעם זון. איז דוד מיט זײַנע פֿריינד אַוועק פֿון ירושלים. אַבֿשלומס מענטשן האָבן נאָכגעיאָגט דודן מיט זײַנע מענטשן. דוד האָט קיין זאַך ניט געקענט טאָן. עס איז געוואָרן אַ שלאַכט צווישן דודס מענטשן און אַבֿשלומס מענטשן. דער קיניג האָט אָנגעזאָגט דעם פֿירער פֿון זײַנע קריגסלײַט:

— דערהרגעט ניט אַבֿשלומען!

דודס אַרמיי האָט געזיגט. אַבֿשלום האָט געריטן דורך אַ וואַלד. ער האָט געהאַט לאַנגע האָר. האָבן זײַנע האָר זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין די צווײַגן פֿון אַ גרויסן



אַבֿשלומס טויט

בוים און ער איז געבליבן הענגען אויפֿן בוים. דאָס האָט דערזען דער פֿירער פֿון דודס אַרמיי, איז ער מיט זײַנע יונגן צוגעלאָפֿן און דערהרגעט אַבֿשלומען.

ווען דער קיניג דוד האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, איז ער געגאַנגען און האָט געוויינט. וויינענדיק האָט ער געשריִען:

— מײַן זון, אַבֿשלום, בעסער וואָלט איך גע־שטאָרבן אַנשטאָט דיר! מײַן זון! מיין זון אַבֿשלום!

| | |
|---|---|
| found out | דערוואוסט |
| soldiers | קריגסלײַט |
| got caught in, tangled | פֿאַרפּלאָנטערט |
| branches | צווײַגן |

## דוד המלך און דאָס ייִדישע פֿאָלק

דוד איז געווען קיניג פֿערציק יאָר. ער האָט געמאַכט דאָס לאַנד גרעסער און שטאַרקער. ער האָט געמאַכט פֿון די שבֿטים איין פֿאָלק. ער האָט געוואונען ירושלים און פֿון ירושלים געמאַכט די ייִדישע הויפּט־שטאָט, די הייליקע ייִדישע שטאָט. ער איז געווען אַ גרויסער ייִדישער פֿירער.

דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אַלע מאָל ליב געהאַט דעם מלך דוד. עס זײַנען דאָ אַ סך שיינע מעשׂות וועגן אים. ער איז געבליבן בײַם ייִדישן פֿאָלק דער גרעסטער העלד. מיט דער צײַט איז דוד המלך געוואָרן אַלץ גרע־סער אין די אויגן פֿון פֿאָלק. מע האָט געזאָגט:

— דוד איז דער מלך פֿון ישׂראל. ער לעבט און ער איז דאָ!

שפּעטער האָבן ייִדן גענומען גלייבן אין משיחן, אַז ער וועט קומען און באַפֿרײַען ייִדן און די גאַנצע וועלט. האָט מען געגלייבט אַז משיח וועט קומען פֿון דודס משפּחה.

| | |
|---|---|
| stayed, remained | געבליבן |
| Messiah, redeemer | משיח |
| revolt | אויפֿשטאַנד |

## פ ר אַ ג ע ס

1. וואו איז געווען דודס הויפּטשטאָט, ווען ער איז געווען דער קיניג פֿון יהודה ?
2. ווי אַזוי איז דוד געוואָרן קיניג איבער אַלע ייִדן ?
3. ווי אַזוי האָט דוד איינגענומען די שטאָט ירושלים ?
4. האָט דוד געהאַט אַ שטענדיקע אַרמיי ?
5. וואָס האָט דוד אויפֿגעטאָן ווי אַ קריגסמאַן ?
6. וואָס האָט דוד אויפֿגעטאָן ווי אַ קלוגער קיניג ?
7. קענט איר דערציילן די מעשׂה וועגן דעם שעפֿעלע פֿון דעם אָרעמאַן ?
8. ווער האָט געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן דודן ?
9. וואָס איז געווען דער סוף פֿון דעם אויפֿ־שטאַנד ?
10. וואָס האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק געזאָגט וועגן דודן ?

## ט ר אַ כ ט ו ו ע ג ן ד ע ם

1. אין די צייַטן פֿון דודן האָט זיך דאָס לעבן פֿון ייִדן געביטן. ווי האָט זיך עס געביטן ? איז דאָס געווען גוט פֿאַרן פֿאָלק ?



דוד און אבֿשלום

2. דוד איז געוואָרן דער גרעסטער העלד אין דער ייִדישער געשיכטע. פֿאַרוואָס איז עס אַזוי געוואָרן?

3. ירושלים האָט ניט געהערט צו קיין שבֿט. די
שטאָט וואַשינגטאָן געהערט ניט צו קיין שטאַט.
פֿאַרוואָס איז עס אַזוי געוואָרן ?



# שלמה המלך

## דער קיניג פֿון שלום

נאָך דודס טויט איז זײַן זון שלמה געוואָרן דער ייִדישער קיניג. שלמה האָט שוין מער ניט געדאַרפֿט פֿירן קיין מלחמות. דאָס ייִדישע לאַנד איז געווען גרויס און שטאַרק. קיינער איז אויף ייִדן נישט אָנגעפֿאַלן.

שלמה איז געווען אַ קיניג פֿון שלום. ער אַליין איז אויף קיינעם ניט אָנגעפֿאַלן. ער האָט מיט קיין פֿאָלק קיין מלחמות ניט געפֿירט. די צײַט ווען ער איז געווען אַ קיניג איז אין לאַנד געווען רואיק. ער האָט געשלאָסן אָפּמאַכן מיט די אַרומיקע פֿעלקער. ייִדן האָבן מיט זיי געהאַנדלט.

## שלמהס קלוגשאַפֿט

שלמה איז געווען אַ קלוגער מאַן. מע האָט געזאָגט, אַז ער איז דער קליגסטער מענטש אין דער וועלט. מע האָט געזאָגט, אַז ער איז אַזוי קלוג, אַז ער פֿאַרשטייט די שפּראַך פֿון אַלע חיות און פֿון אַלע פֿויג־



שלמה המלך

לען. עס זײַנען דאָ זייער אַ סך שיינע מעשׂות וועגן שלמה המלכס קלוגשאַפֿט.

דער תּנך דערציילט אַזאַ מעשׂה:

איין מאָל האָבן צוויי פֿרויען אין דער זעלביקער צײַט געבוירן קינדער. זיי זײַנען געווען אין איין צימער. אויפֿן דריטן טאָג איז בײַ איין פֿרוי געשטאָרבן דאָס קינד. דאָס איז געשען אין מיטן נאַכט. האָט די פֿרוי זיך זייער דערשראָקן. זי האָט גענומען איר טויט קינד און עס אַוועקגעלייגט בײַ דער צווייטער פֿרוי וואָס איז געשלאָפֿן, און האָט צוגענומען פֿון איר דאָס לעבעדיקע קינד. ווען די פֿרוי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, זעט זי: עס

ליגט לעבן איר אַ טויט קינד, און איר אייגן קינד איז ביַי דער אַנדערער.

ביידע פֿרויען זיינען אַוועק צו דעם קיניג שלמה: זאָל ער משפּטן! יעדע פֿרוי האָט געזאָגט:

— מײַן קינד איז דאָס לעבעדיקע קינד!

דער מלך האָט געטראַכט: יעדע פֿרוי זאָגט — מײַן זון איז דאָס לעבעדיקע קינד, דײַן זון איז דאָס טויטע קינד! ווי קען איך וויסן ווער עס זאָגט דעם אמת?

האָט ער געזאָגט:

— ברענגט מיר אַ שווערד!

האָט מען אים געבראַכט אַ שווערד. האָט דער מלך געזאָגט:

— צעשנײַדט דאָס לעבעדיקע קינד און גיט איין העלפֿט צו איין פֿרוי און די צווייטע העלפֿט צו דער אַנדערער.

די פֿרוי וואָס איז טאַקע געווען די מוטער פֿון דעם לעבעדיקן קינד האָט אויסגערופֿן:

— איך בעט דיך, קיניג, גיב איר דאָס לעבעדיקע קינד!

האָט דער מלך שלמה אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— גיט איר אָפּ דאָס לעבעדיקע קינד! זי איז די אמתע מוטער!

עס זײַנען דאָ נאָך אַ סך שײנע מעשׂות װעגן שלמהס קלוגשאַפֿט, װי אַזױ ער האָט געװאוסט דעם אמת און װי ריכטיק ער האָט געקענט משפּטן.

| | |
|---|---|
| wisdom | קלוגשאַפֿט |
| animals | חיות |
| birds | פֿױגלען |
| gave birth to | געבױרן |
| room | צימער |
| smile | שמײכל |

## דער ערשטער בית־המקדש

שלמה המלך האָט נאָך שענער געמאַכט די שטאָט ירושלים. ער האָט אױפֿגעבױט גרױסע הײַזער פֿון האָלץ און פֿון שטײן. אָבער דער הײליקער אָרון איז נאָך אַלץ געװען ניט אין קײן הױז, נאָר אין אַ געצעלט. דוד המלך האָט שױן געװאָלט בױען אַ גרױס הױז, אַ טעמפּל װוּ מען זאָל קומען דינען גאָט. דוד האָט אָבער געפֿירט אַ סך מלחמות און דער נבֿיא נתן האָט אים געזאָגט:

— דײַנע הענט האָבן פֿאַרגאָסן בלוט. ניט דו דאַרפֿסט בױען דאָס הױז פֿאַר גאָט.

דאָס גרױסע הױז, דעם טעמפּל האָט געבױט זײַן זון שלמה, דער מלך פֿון שלום. מע האָט געבראַכט



דער בית־המקדש

האָלץ און שטיינער פֿון ווײַט. מען האָט געבראַכט מאַ־טעריאַלן פֿון פֿעניקיע. טויזנטער מענטשן האָבן געאַר־בעט בײַם בויען דעם טעמפּל. זיבן יאָר האָט מען אים געבויט. ער איז געווען גרויס און שיין. ער איז געווען רײַך באַפּוצט מיט גאָלד און זילבער.

דער בית־המקדש, דאָס הייליקע הויז, איז גע־וואָרן פֿאַרטיק. מען האָט אַרײַנגעטראָגן אַהין דעם אָרון. שלמה האָט אויסגעקליבן אַ כּהן צו זײַן דער הויפּט־כּהן, דער כּהן־גדול. מע האָט געמאַכט אַ גרויסע שׂמחה, ווען מע האָט געעפֿנט דעם בית־המקדש.

אַלע ייִדן פֿלעגן קומען אין בית־המקדש צו דינען גאָט. דער בית־המקדש איז געוואָרן פֿאַר ייִדן דאָס היי־ליקסטע אָרט אויף דער דער וועלט.

| | |
|---|---|
| בית־המקדש | Temple |
| פֿאַרגאָסן | spilled |
| באַפּוצט | decorated |
| פֿאַרטיק | finished |



שלמה המלכס שיפֿן

## שלמה המלכס רײַכקייט

שלמה המלך האָט געבויט דעם בית־המקדש. ער האָט אויך געבויט אַ גרויסן פּאַלאַץ פֿאַר זײַנע מענטשן און פֿאַר זיך. פֿון דעם רײַכן פּאַלאַץ האָט ער געפֿירט דאָס לאַנד.

שלמה המלך האָט געהאַט אַ סך פֿערד און גרויסע שטאַלן פֿאַר די פֿערד. ער האָט געהאַט מינעס און גע־נומען קופּער פֿון זיי. שלמה המלך האָט אויך אויפֿגע־בויט שיפֿן וואָס זײַנען געפֿאָרן אין ווײַטע לענדער. ער איז געווען זייער אַ רײַכער קיניג. זײַן נאָמען איז געווען באַוואוסט אין ווײַטע לענדער. ער האָט זיך געלאָזט מאַכן אַ גרויסן טראָן פֿון עלפֿנביין. דער טראָן האָט גע־האַט זעקס טרעפּ מיט צוועלף לייבן אויף די זעקס טרעפּ.

| | |
|---|---|
| throne | טראָן |
| ivory | עלפֿנביין |
| steps | טרעפּ |

## די מלכּה פֿון דעם לאַנד שבֿאָ

דער תּנך דערציילט אַ שיינע מעשׂה: די מלכּה פֿון לאַנד שבֿאָ האָט געהערט ווי קלוג עס איז דער מלך שלמה. איז די קיניגין געקומען קיין ירושלים צוזאַמען מיט אַ סך מענטשן. זי האָט געבראַכט אַ סך מתּנות. זי האָט געזאָגט:

— איך בין געקומען זען ווי דו פֿירסט דײַן לאַנד.

און די קיניגין האָט אים געגעבן צו טרעפֿן רעטע־נישן. שלמה האָט גלײַך געטראָפֿן אַלע רעטענישן.

די מלכּה האָט געזען ווי שיין מע פֿירט זיך אין דעם הויז פֿון שלמה המלך. האָט זי געזאָגט:

— מע האָט מיר אַפֿילו אַ העלפֿט ניט דערציילט פֿון דײַן קלוגשאַפֿט.

די קיניגין פון שבֿאָ האָט זיך געוואונדערט ווי קלוג שלמה איז און ווי ער קען אַלץ טרעפֿן. דער קיניג שלמה האָט איר געגעבן מתּנות און זי איז אַוועק צוריק צו זיך אין לאַנד. עס איז געווען אַ גרויסע פֿרײַנדשאַפט צווישן דעם מלך און דער קיניגין פֿון שבֿאָ.

| | |
|---|---|
| queen | מלכּה |
| guess | טרעפֿן |
| riddles | רעטענישן |

# גרויסע שטײַנער

שלמה האָט אויפֿגעבויט דעם בית־המקדש. ער האָט אויפֿגעבויט שיינע הײַזער אין ירושלים. ער האָט אויפֿגעבויט נאָך אַנדערע שטעט.

דאָס אַלץ קאָסט געלט. כּדי צו האָבן געלט, האָט שלמה גענומען גרויסע שטײַערן בײַם פֿאָלק. ייִדן האָבן געמוזט שווער אַרבעטן צו צאָלן די שטײַערן. מע האָט טאַקע ליב געהאַט דעם קלוגן קיניג. מע האָט ליב געהאָט די נייע שיינקייט אין לאַנד. אָבער מע האָט ניט ליב געהאַט צו צאָלן שווערע שטײַערן. אַ סך ייִדן זײַנען געווען אומצופֿרידן. אַ סך ייִדן האָבן זיך באַקלאָגט.

ניט אַלע האָבן געלעבט גלײַך. עס זיינען געווען מענטשן וואָס זײַנען געוואָרן רײַך און האָבן געלעבט זייער גוט. אָבער אַנדערע זײַנען געוואָרן אָרעם. די אָרעמע האָבן געאַרבעט זייער שווער, און עס איז געווען פֿאַר זיי שווער צו צאָלן די שטײַערן.

אַ מאַן פֿון שבֿט אפֿרים האָט געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן דעם קיניג שלמה. דאָס פֿאָלק אָבער האָט ליב געהאַט דעם קלוגן קיניג און דער אויפֿשטאַנד איז דורכגעפֿאַלן. דער וואָס האָט געמאַכט דעם אויפֿשטאַנד האָט געמוזט אַנטלויפֿן.

| | |
|---|---|
| complained | באַקלאָגט |
| failed | דורכגעפֿאַלן |

## שלמהס נאָמען בײַם פֿאָלק

שלמה המלך האָט געקיניגט פֿערציק יאָר. נאָך שלמהן זײַנען די צײַטן געווען אַ סך ערגערע. איז בײַם יידישן פֿאָלק אַלע מאָל געבליבן: די צײַטן פֿון דעם קיניג שלמה זײַנען די גליקלעכע צײַטן אין דער יידישער געשיכטע. עס איז דאָך געווען די צײַט פֿון שלום און עס איז דאָך געווען די צײַט פֿון שענער און רײַכער מאַכן דאָס לאַנד.

האָט מען צוגעטראַכט אַלץ מער און מער מעשׂות וועגן דער גוטער צײַט, ווען שלמה האָט געקיניגט אין ירושלים. שלמה איז געבליבן בײַם פֿאָלק דער קליגסטער מענטש אויף דער וועלט. מע האָט געזאָגט, אַז ער האָט אָנגעשריבן דרײַ ביכער וואָס זײַנען דאָ אין תּנך: איין בוך איז פֿול מיט קלוגע שפּריכווערטער; דאָס צווייטע בוך האָט אַ סך קלוגע רייד, און דאָס דריטע בוך, איז אַ בוך מיט לידער. דאָס יידישע פֿאָלק האָט גרויס געהאַלטן דעם נאָמען פֿון שלמה המלך.

| | |
|---|---|
| worse | ערגער |
| thought up | צוגעטראַכט |
| proverbs | שפּריכווערטער |




## פ ר אַ ג ע ס

1. ווי אַזוי האָט שלמה שענער געמאַכט דאָס ייִדי־
שע לאַנד ?

2. מיט וועמען האָט שלמה המלך געפֿירט האַנדל ?

3. ווי אַזוי האָט שלמה געלעבט ?

4. מיט וואָס איז שלמה געוואָרן באַרימט ביַי ייִדן ?

5. מיט וואָס איז דאָס לעבן פֿון ייִדן געוואָרן אַנ־דערש אין שלמהס ציַיטן ?

6. פֿאַרוואָס זיַינען אַ טייל ייִדן ניט געווען צו־פֿרידן מיט שלמה המלך אין דער לעצטער ציַיט פֿון זיַין קיניגן ?

8. דערציילט אַ מעשׂה מיט שלמה המלך.

ט ר אַ כ ט ו ו ע ג ן ד ע ם

1. שלמה האָט געבויט דעם בית־המקדש. ער האָט גענומען גרויסע שטיַיערן. איז שלמה המלך געווען אַ גוטער קיניג ?

2. אין די ציַיטן פֿון שלמה איז דער אונטערשייד צווישן ריַיכע און אָרעמע געוואָרן גרויס. איז גוט וואָס אַ טייל מענטשן זיַינען ריַיך און אַ טייל זיַינען אָרעם ?

3. שלמה האָט אויפֿגעבויט דעם בית־המקדש. דער בית־המקדש איז געוואָרן דאָס הייליקסטע אָרט ביַים ייִדישן פֿאָלק. האָט דער בית־המקדש געהאָלפֿן פֿאַראייניקן דאָס פֿאָלק ?

4. פֿאַרוואָס האָט זיך ניט איַינגעגעבן דער אויפֿ־

שטאַנד קעגן שלמהן? וואָס קענען מיר לער־
נען פֿון דעם?

5. פֿאַרוואָס איז שלמה געוואָרן דער העלד פֿון
אַזוי פֿיל מעשׂות ביי ייִדן?



שלמהס משפּט

# די שפּאַלטונג פֿון דער מלוכה

## ר ח ב ע ם

ווען שלמה איז געשטאָרבן, האָט ער איבער־געלאָזט אַ גרויסע, אַ שטאַרקע, אַ רײַכע מלוכה. זײַן זון רחבֿעם איז געוואָרן קיניג. רחבֿעם איז געווען יונג. ער איז ניט געווען קלוג ווי זײַן פֿאָטער

די ייִדן פֿון שבֿט יהודה און פֿון שבֿט בנימין זײַנען געווען צופֿרידן, אַז רחבֿעם זאָל ווערן זייער קיניג. די ייִדן פֿון די אַנדערע שבֿטים האָבן געוואָלט אַז דער נײַער קיניג זאָל נעמען קלענערע שטײַערן. די פֿירערס פֿון די צען שבֿטים זײַנען געקומען צו דעם יונגן קיניג און זיי האָבן אים געזאָגט :

— דײַן פֿאָטער האָט גענומען פֿון אונדז אַ סך שטײַערן. וועסטו נעמען ווייניקער ?

רחבֿעם האָט געבעטן מע זאָל אים געבן דרײַ טעג צו טראַכטן וועגן דעם. ער האָט געפֿרעגט בײַ די אַלטע לײַט וואָס זײַנען געווען שלמהס פֿרײַנד. האָבן זיי אים געזאָגט :

— זאָג דעם פֿאָלק אַז דו וועסט נעמען ווייניקער שטייַערן.

ער האָט געפֿרעגט בייַ זייַנע יונגע פֿרייַנד, וואָס זייַנען אַזוי ווי ער אויסגעוואַקסן אין רייַכקייט. האָבן זיי אים געזאָגט:

— דו ביסט דער קיניג. דו קענסט טאָן וואָס דוווילסט. דו קענסט נעמען וויפֿל שטייַערן דו ווילסט.

רחבֿעם איז געקומען צו די פֿירערס פֿון די צען שבֿטים און ער האָט זיי געזאָגט:

— איך בין דער קיניג! איך קען טאָן וואָס איך וויל. איך וועל נעמען מער שטייַערן ווי מייַן פֿאָטער.

די פֿירערס פֿון די צען שבֿטים האָבן דאָס געהערט און זיי זייַנען בייז געוואָרן. זיי זייַנען אַוועק צו זיך אַהיים.

| | |
|---|---|
| שפּאַלטונג | division |
| בייז | angry |

## י ר בֿ ע ם

דער מענטש וואָס האָט געמאַכט דעם אויפֿשטאַנד קעגן שלמהן האָט געהייסן ירבֿעם. ווען ירבֿעם האָט זיך דערוואוסט, אַז דער קיניג שלמה איז געשטאָרבן, איז ער געקומען צוריק אין דעם ייִדישן לאַנד. זעט ער אַז צען שבֿטים זייַנען אומצופֿרידן מיט דעם

יונגן קיניג. האָט ער ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן שלמהס זון. דאָס מאָל האָט זיך עס אים איַינגעגעבן. נאָר די שבֿטים יהודה און בנימין זיַינען געבליבן געטריַי דעם יונגן קיניג. די אַנדערע צען שבֿטים האָבן געמאַכט אַ מלוכה פֿאַר זיך. ירבֿעם איז געוואָרן זייער קיניג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן ביידע ייִדישע מלוכות. קיינער האָט די מלחמה ניט געוואונען. עס איז געוואָרן שלום אין לאַנד. אָבער ייִדן זיַינען געבליבן צעטיילט אין צוויי באַזונדערע מלוכות.

| | |
|---|---|
| איַינגעגעבן | succeeded |
| געטריַי | loyal |
| צעטיילט | divided |

## מלכות יהודה און מלכות ישׂראל

די מלוכה אין דרום פֿון לאַנד איז געבליבן אין די הענט פֿון דודס משפּחה. זי רופֿט זיך מלכות יהודה. ירושלים איז געבליבן אין יהודה, און די אַלטע ייִדישע הויפּטשטאָט איז געבליבן די הויפּטשטאָט פֿון מלכות יהודה.

אין צפֿון פֿון לאַנד איז געוואָרן אַ ייִדישע מלוכה. מען רופֿט זי מלכות ישׂראל. זי האָט קיין אַלטע הויפּטשטאָט ניט געהאַט. אין פֿאַרשיידענע צײַטן זיַינען געווען פֿאַרשיידענע הויפּטשטעט.

מלכות יהודה איז געווען קלענער ווי מלכות




מלכות יהודה און מלכות ישׂראל

ישׂראל. אין מלכות יהודה זײַנען די קיניגן געווען אַלע פֿון איין משפּחה. אין מלכות ישׂראל האָט עס זיך געביטן.

דער בית־המקדש איז געווען אין ירושלים. ייִדן זײַנען שוין געווען צוגעוואוינט צו קומען קיין ירושלים צו דינען גאָט. ירבֿעם האָט געזען אַז ייִדן פֿון זײַן מלוכה גייען קיין ירושלים. האָט ער מורא געהאַט אַז זײַן מלוכה וועט זיך צעפֿאַלן. ער האָט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן מער ניט גיין קיין ירושלים. האָט ער אויפֿגעבויט צוויי נײַע טעמפּלען אין מלכות ישׂראל. ער האָט גע־הייסן קומען אַהין צו דינען גאָט. אין די צוויי טעמפּלען האָט ער אַוועקגעשטעלט גאָלדענע קעלבער און גע־זאָגט אַז זיי זײַנען הייליק.

ייִדן פֿון מלכות יהודה האָבן געדינט גאָט ווי פֿרי־ער. ייִדן אין מלכות יהודה האָבן געלעבט ווי משה האָט געהייסן. ייִדן אין מלכות ישׂראל האָבן שוין ניט גע־לעבט אַזוי ווי פֿריִער. זיי האָבן אַ סך געבאָטן פֿון דער תּורה ניט געהיט. מלכות ישׂראל איז געווען גרעסער און רײַכער ווי מלכות יהודה. אָבער אין מלכות יהודה איז געווען דער בית־המקדש און דאָס האָט געהאָלפֿן אַז ייִדן אין מלכות יהודה זאָלן בלײַבן מער ייִדיש ווי אין מלכות ישׂראל.

ייִדן זײַנען געווען צעטיילט אין צוויי מלוכות צוויי הונדערט יאָר.

| | |
|---|---|
| changed | געביטן |
| fall apart | צעפֿאַלן |
| calves | קעלבער |

# דאָס הויז עמרי

ווען ירבֿעם איז געשטאָרבן, איז זײַן זון גע־וואָרן קיניג. אָבער ער איז ניט לאַנג געבליבן קיניג. אַ גענעראַל האָט געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד און ער איז גע־וואָרן קיניג. איז געקומען אַן אַנדער גענעראַל און האָט דערהרגעט דעם נײַעם קיניג — און אַליין געוואָרן קי־ניג. אין 37 יאָר האָט מלכות ישׂראל געהאַט זעקס קיניגן.

ביז עס איז געקומען אַ שטאַרקער פֿירער וואָס האָט געהייסן עמרי. עמרי איז געווען אַ קלוגער קיניג. ער האָט שטאַרקער געמאַכט מלכות ישׂראל. ער האָט אויפֿ־געבויט אַ נײַע הויפּטשטאָט און זי אָנגערופֿן שומרון. די שטאָט איז געווען אויף אַ הויכן באַרג און זי האָט געהאַט הויכע, שטאַרקע ווענט. די אַנדערע פֿעלקער האָבן גע־רופֿן מלכות ישׂראל — דאָס קיניגטום פֿון שומרון, אויפֿן נאָמען פֿון דער הויפּטשטאָט.

נאָך עמריס טויט איז זײַן זון אַחאָבֿ געוואָרן קיניג. אַחאָב האָט געוואָלט מאַכן מלכות ישׂראל נאָך שטאַר־קער און נאָך גרעסער. האָט ער געפֿירט מלחמות מיט די פֿעלקער אַרום. ער איז געוואָרן אַ פֿרײַנד פֿון דעם קיניג פֿון יהודה. ער איז אויך געוואָרן אַ פֿרײַנד פֿון דעם קיניג פֿון דער שטאָט צידון אין פֿעניקיע. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פֿון דעם קיניג פֿון צידון. זי האָט געהייסן איזבֿל.

## דאָס רויִקע לעבן אין מלכות יהודה

מלכות יהודה איז געווען אַ קליין לאַנד. מלכות יהודה האָט ניט געפירט קיין מלחמות מיט די אַרומיקע פעלקער. דאָס לעבן אין מלכות יהודה איז געווען איינפאַך און אָרעם. דאָרטן זײַנען קיין אויפ־שטאַנדן ניט געווען. עס האָבן דאָרטן געקיניגט מלכים פון דודס הויז.

אין מלכות יהודה האָבן ייִדן געדינט גאָט אַזוי ווי פריִער.

### פ ר אַ ג ע ס

1. פאַרוואָס האָט די ייִדישע מלוכה זיך גע־שפּאָלטן?
2. וועלכע מלוכה איז געווען גרעסער?
3. אין וועלכער מלוכה איז דאָס לעבן געווען רויִקער?
4. אין וועלכער מלוכה האָט געקיניגט דאָס הויז פון דוד?
5. ווי אַזוי האָבן זיך געביטן די קיניגן אין מלכות ישׂראל?
6. ווער האָט אויפגעבויט די שטאָט שומרון?
7. וואָס האָבן אויפגעטאָן עמרי און אַחאָב?

# טראַכט וועגן דעם

1. דוד און שלמה האָבן שטאַרק געמאַכט די ייִדי־שע מלוכה. וואָס וואָלט געווען, אויב די ייִדי־שע מלוכה וואָלט געבליבן אַ גאַנצע ?

2. נאָך דער צעטיילונג פֿון דער מלוכה האָבן די ייִדן אין מלכות ישׂראל אָנגעהויבן צו דינען די געצן. וואָס מיינט דאָס ? פֿאַרוואָס איז דאָס געווען שלעכט ?

3. ייִדן האָבן געלעבט אין צוויי מלוכות. זיי זײַנען געבליבן איין פֿאָלק. ווי אַזוי ?



# אליהו הנבֿיא

## די שלעכטע קיניגין איזבֿל

אַחאָבֿ האָט חתונה געהאַט מיט דער פּרינ־צעסין פֿון פֿעניקיע. זי האָט געבראַכט אין לאַנד אירע פֿרײַנד. זי און אירע פֿרײַנד האָבן געדינט דעם פֿעניקישן גאָט בעל. איזבֿל האָט אין מלכות ישׂראל אויפֿגעבויט טעמפּלען פֿון בעל. אַ סך ייִדן האָבן גענומען דינען דעם פֿרעמדן גאָט.

ייִדן וואָס האָבן געגלייבט אין איין גאָט, ווי משה האָט געלערנט, זײַנען געווען אומצופֿרידן מיט דינען דעם גאָט בעל. זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז טעמפּלען פֿון פֿרעמדע געטער זאָלן זײַן אין דעם ייִדישן לאַנד. זיי האָבן נישט געוואָלט מע זאָל מאַכן הייליקע ערטער פֿאַר פֿרעמדע געטער. זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז עס זאָלן קומען כּהנים פֿון בעל. זיי האָבן אָבער מורא גע־האַט פֿאַר דער קיניגין איזבֿל און פֿאַר דעם קיניג אַחאָבֿ.

## דער מאַן פֿון גלעד

פֿון גאָר אַלטע צײַטן זײַנען געווען נבֿיאים בײַ ייִדן. נבֿיאים זײַנען געגאַנגען איבערן לאַנד און גע־רעדט צו ייִדן:

— גלייבט אין איין גאָט און זײַט גוט צו מענטשן.

די נבֿיאים האָבן געהייסן אַז ייִדן זאָלן לעבן ערלעך און גוט. נבֿיאים האָבן געזאָגט צו ייִדן: אויב איר וועט זײַן גוט, וועט אײַך זײַן גוט — עס וועט זײַן רעגן אין דער ריכטיקער צײַט, די פֿעלדער וועלן געבן זייער תּבֿואה, און מע וועט לעבן אין שלום. און נבֿיאים האָבן געוואָרנט: אויב איר וועט זײַן שלעכט, וועט אײַך זײַן שלעכט — עס וועט זײַן אַ הונגער אין לאַנד, עס וועלן קומען אַנדערע אומגליקן, עס וועלן קומען שונאים און זיי וועלן באַפֿאַלן דאָס לאַנד.

אין די צײַטן פֿון דעם קיניג אַחאָבֿ איז אַ גרויסער נבֿיא געקומען פֿון גלעד, וואָס געפֿינט זיך אויף יענער זײַט ירדן. דער נבֿיא האָט געהייסן אליהו. ער האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר דער שלעכטער קיניגין און פֿאַר אירע מענטשן. ער האָט גערעדט קעגן דינען פֿרעמדע געטער. ייִדן האָבן ליב באַקומען דעם נבֿיא אליהו.

אליהו הנבֿיא האָט געהאַט לאַנגע האָר און אַ לאַנגע באָרד. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אָרעמע קליידער.

ער האָט זיך אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק. אַ סך יאָרן האָט ער געוואוינט אַליין אין אַ הייל אין מדבר. ווען ער איז געקומען רעדן צו ייִדן, איז ער געווען זייער שטרענג און זייער מוטיק. ער האָט פֿאַר קיינעם נישט מורא געהאַט.

| | |
|---|---|
| ערלעך | honest |
| געוואָרנט | warned |
| אומגליקן | misfortunes |
| הייל | cave |

## דער הונגער אין לאַנד

אליהו הנביא איז געקומען צו אַחאָבֿן און אים געזאָגט:

— דו לאָזסט, מע זאָל דינען פֿרעמדע געטער. דו און דײַן ווײַב האָבן געמאַכט אומריין דאָס ייִדישע לאַנד מיט טעמפּלען פֿון פֿרעמדע געטער. גאָט וועט דיך שטראָפֿן! דרײַ יאָר וועט ניט גיין קיין רעגן. עס וועט זײַן אַ הונגער אין לאַנד.

דער תּנך דערציילט: אַזוי ווי דער נבֿיא האָט געזאָגט — אַזוי איז עס געווען. דרײַ יאָר האָט ניט גערעגנט און עס האָט ניט געקענט וואַקסן. אַ סך שאָף און קי זײַנען אויסגעשטאָרבן. ייִדן אין מלכות ישׂראל האָבן שטאַרק געליטן. אַחאָבֿ האָט אויפֿגעזוכט דעם נבֿיא אליהו און אים געבעטן, עס זאָל מער ניט זײַן



אליהו הנבֿיא וואָרנט אַחאָבֿן

קיין הונגער אין לאַנד. ייִדן לײַדן דאָך אַזוי שטאַרק. אליהו האָט געזאָגט אַז עס וועט אָנהייבן רעגענען. עס איז געוואָרן אויס הונגער.

אָבער דער קיניג און די קיניגין זײַנען נישט געוואָרן בעסער.

| | |
|---|---|
| unclean | אומריין |
| suffered | געליטן |
| looked up | אויפֿגעזוכט |

## דער ווײַנגאָרטן פֿון נבֿות

נית ווײַט פֿון דעם קיניגס פּאַלאַץ איז געווען אַ שיינער ווײַנגאָרטן. אַ ייִד וואָס האָט געהייסן נבֿות האָט געהאַט דעם ווײַנגאָרטן. דער קיניג אַחאָבֿ האָט געוואָלט דעם שיינעם ווײַנגאָרטן פֿאַר זיך. האָט ער גערופֿן נבֿותן און אים געזאָגט:

— פֿאַרקויף מיר דײַן ווײַנגאָרטן. אָדער גיב מיר אים אַוועק און איך וועל דיר געבן אַן אַנדער שטיק לאַנד.

האָט נבֿות געענטפֿערט:

— דעם ווײַנגאָרטן האָב איך באַקומען פֿון מײַן פֿאָטער און איך וועל דעם ווײַנגאָרטן איבערגעבן צו מײַנע קינדער. איך וועל אים ניט פֿאַרקויפֿן און איך וועל אים ניט בײַטן אויף אַן אַנדער שטיק לאַנד.

דער קיניג אַחאָבֿ איז געוואָרן זייער אין כּעס. ער האָט אָבער קיין זאַך נישט געקענט טאָן. בײַ ייִדן האָט אַ קיניג נישט געקענט צונעמען לאַנד וואָס געהערט צו אַן אַנדערן.

אַחאָב האָט דערציילט דער קיניגין איזבֿל די מעשׂה מיטן ווײַנגאָרטן. האָט איזבֿל געלאַכט און זי האָט געזאָגט:

— ביסטו דער קיניג אָדער דו ביסט עס נישט ? אַ קיניג קען טאָן וואָס ער וויל ! וואַרט ! דו וועסט שוין קריגן נבֿותעס ווײַנגאָרטן !

איזבֿל האָט גערופן שלעכטע מענטשן און זיי געזאָגט :

— גייט און דערציילט אַז נבֿות האָט געשאָלטן גאָט און דעם קיניג. די מענטשן האָבן דאָס געטאָן. מע האָט געבראַכט נבֿותן פֿאַר די ריכטערס. די שלעכטע מענטשן האָבן געזאָגט פֿאַלשע עדות. האָט מען נבֿותן געטייט.

דערנאָך איז איזבֿל געקומען צו איר מאַן און האָט געזאָגט :

— גיי, נעם נבֿותעס ווײַנגאָרטן. נבֿות איז שוין טויט.

אַחאָבֿ איז געקומען אין נבֿותעס ווײַנגאָרטן. פּלוצלינג זעט ער דעם נבֿיא אליהו. אליהו איז זייער אין כּעס און ער זאָגט אים :

— דו האָסט דערהרגעט — איצט ווילסטו ירשענען ? עס וועט קומען אַן אומגליק אויף דיר, דו וועסט דערהרגעט ווערן ! דײַנע קינדער, דײַן גאַנצע משפּחה וועט מען אויסהרגענען !

דער קיניג אַחאָבֿ האָט זיך זייער דערשראָקן. ער האָט צעריסן זײַנע קליידער און האָט געפֿאַסט. די שלעכ־

טע קיניגין האָט געוואָלט באַשטראָפן דעם נבֿיא, אָבער ער איז אַוועק אין מדבר.

| | |
|---|---|
| בײַטן | change |
| געשאָלטן | cursed |
| עדות | witness |
| ירשענען | inherit |

## דער וואונדער־נבֿיא

דאָס פֿאָלק דערציילט אַ סך וואונדערס וועגן דעם גרויסן נבֿיא אליהו: ער קען טאָן וואָס קיין מענטש קען ניט. ער קען בענטשן אַן אָרעמע פֿרוי און איר קליין קריגעלע אייל ווערט אַלע מאָל פֿול מיט אייל! ער קען בענטשן אַן אָרעמע פֿרוי — און פֿון דעם ביסל מעל וואָס זי האָט — ווערט גאָר, גאָר אַ סך מעל. ער העלפֿט אָרעמע און שוואַכע.

אליהו הנבֿיא קאָן היילן קראַנקע. אומעטום וואו ער קומט טוט ער גוטס. ער העלפֿט אַלע שוואַכע און אַלע קראַנקע.

ווען אליהו הנבֿיא איז אין מדבר, ברענגען אים פֿויגלען עסן. ער קען קומען און קען פֿאַרשווינדן אַז קיינער זאָל אים ניט זען. צו יעדער צײַט קען ער קומען אומעטום. אַזוי האָט דאָס פֿאָלק גערעדט וועגן דעם גרויסן נבֿיא, ווײַל ער האָט געפֿירט דעם קאַמף קעגן פֿרעמדע געטער און ווײַל ער האָט פֿאַרטיידיקט די וואָס זײַנען גערעכט.



*After Schnorr*

אליהו הנבֿיא און דער פֿײַערדיקער רײַטוואָגן

דער תּנך דערציילט אַז אליהו איז אַוועק פֿון דער וועלט נישט ווי אַלע מענטשן. ער איז ניט געשטאָרבן. ווען אליהו האָט געוואוסט אַז עס קומט דער סוף פֿון זײַן לעבן, איז ער צוזאַמען מיט זײַן תּלמיד אַוועק צום טײַך ירדן. אליהו האָט געזאָגט צו זײַן תּלמיד אלישע, אַז ער דאַרף פֿאַרנעמען זײַן אָרט. ער האָט אים אָנגעטאָן זײַן מאַנטל.

פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן אויפֿן הימל אַ רײַטוואָגן מיט פֿײַערדיקע פֿערד. דער רײַטוואָגן האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט. אליהו איז אַרײַן אין אים און איז פֿאַרשוואונדן. נאָר דער מאַנטל איז פֿאַרבליבן.

| | |
|---|---|
| bless | בענטשן |
| little pitcher | קריגעלע |
| flour | מעל |
| disappear | פֿאַרשווינדן |
| appear | זיך באַווײַזן |

## אליהו הנבֿיא — דער העלד פֿון ייִדישע מעשׂות

ס'זייער אַ סך שיינע מעשׂות זײַנען דאָ וועגן אליהו הנבֿיא אין תּנך. נאָך מעשׂות וועגן אליהו הנבֿיא האָט דאָס פֿאָלק דערציילט אין שפּעטערע צײַטן. אליהו הנבֿיא העלפֿט ייִדן אין נויט. ער ראַטעוועט ייִדן פֿון געפֿאַר. ער קומט ווען מע דאַרף אים.

מעשׂות דערציילן אַז אליהו הנבֿיא קען קומען פֿאַרשטעלט: אַמאָל ווי אַן אַלטער מאַן אין אַלטע צעריסענע קליידער; אַמאָל קען ער קומען מיט גאָר אַן אַנדער אויסזען. ער קען אומעטום אַרײַנקומען. ער קען פּלוצלינג זיך באַווײַזן. ער קומט פּסח צום סדר און מע גיסט אָן פֿאַר אים אַ כּוס מיט ווײַן און מען עפֿנט פֿאַר אים די טיר. מען איז אַלע מאָל גרייט פֿאַר דעם ליבן גאַסט אליהו הנבֿיא.

אליהו הנבֿיא העלפֿט מיט וואונדערס. ער העלפֿט אויך מיט דעם וואָס ער טרייסט. ער לערנט אָרעמע ייִדישע קינדער. ער האָט ליב זײַן פֿאָלק, און מער פֿון אַלץ די אָרעמע מענטשן פֿון זײַן פֿאָלק. און דאָס פֿאָלק האָט אים ליב.

| | |
|---|---|
| need | נויט |
| danger | געפֿאַר |
| disguised | פֿאַרשטעלט |
| goblet | כּוס |
| consoles | טרייסט |

## נאָך אליהון

ווען אליהו איז אַוועק, האָט אלישע אָנגעטאָן זײַן מאַנטל און געגאַנגען איבערן לאַנד. ער האָט געטאָן דאָס זעלביקע וואָס אליהו. ער האָט גערעדט קעגן די פֿרעמדע געטער און קעגן דער שלעכטער קיניגין.

דער קיניג אַחאָבֿ איז געשטאָרבן פֿון וואונדן אין אַ שלאַכט מיט ייִדישע שונאים. זײַנע זין האָבן נאָר זייער אַ קורצע צײַט געקיניגט. דער גענעראַל יהוא האָט גע־מאַכט אַן אויפֿשטאַנד. ער האָט דערהרגעט אַלע קינדער פֿון אַחאָבֿ און איזבֿל. די קיניגין איזבֿל האָט ער אויך דערהרגעט. ער האָט צעבראָכן די טעמפּלען פֿון בעל און האָט פֿאַרטריבן די כּהנים פֿון בעל.

עס האָבן געזיגט די נבֿיאים אליהו און אלישע.

### פֿ ר אַ ג ע ס

1. וואָס האָבן די נבֿיאים געלערנט ?
2. וואָס האָט אליהו געוואָלט ?
3. ווי אַזוי האָט איזבֿל באַקומען פֿאַר אַחאָבֿן נבֿותס ווײַנגאָרטן ?
4. וואָס האָט דאָס פֿאָלק דערציילט וועגן אליהון ?

5. ווער איז געווען אליהוס תּלמיד און וואָס האָט ער געטאָן ?

6. דערציילט אַ מעשׂה מיט אליהו הנבֿיא.

## טראַכט וועגן דעם

1. וואָס קענען מיר לערנען פֿון דער מעשׂה מיט נבֿותעס ווײַנגאָרטן ?

2. אין תּנך איז אליהו הנבֿיא זייער שטרענג און מוטיק. אין די שפּעטערע מעשׂות איז אליהו הנבֿיא זייער גוט און איז דער העלפֿער פֿון אָרעמע. וואָס קענען מיר לערנען פֿון דעם ?



# דער נבֿיא עמוס

## נאָך אַ קיניג וואָס הייסט ירבֿעם

דער ערשטער קיניג פֿון מלכות ישׂראל האָט געהייסן ירבֿעם. איצט איז ווידער געקומען אַ קיניג מיט דעם זעלביקן נאָמען. דער צווייטער ירבֿעם איז געווען אַ שטאַרקער קיניג. דאָס לאַנד אין זײַנע צײַטן איז געווען רײַך און רואיק. מען האָט געקענט מיינען אַז אַלץ איז גוט.

אָבער אַלץ איז נישט געווען גוט. אין לאַנד זײַנען געווען רײַכע מענטשן. דאָס זײַנען געווען די גרויסע סוחרים און די וואָס האָבן געהאַט אַ סך לאַנד. די גרעסטע צאָל ייִדן אין לאַנד זײַנען געווען אָרעם. זיי האָבן געהאַט אַ קליין שטיקל ערד, זיי האָבן געהאַט ווייניק שאָף. אַנדערע האָבן גאָרניט געהאַט און געדאַרפֿט אַרבעטן בײַ די רײַכע. ווען אַ רײַכער האָט געליִען געלט אַן אָרעמאַן, האָט דער אָרעמער ניט אַלע מאָל געקענט באַצאָלן. און ווען דער אָרעמער האָט ניט גע־קענט באַצאָלן, האָט מען בײַ אים צוגענומען זײַן לאַנד

אָדער דאָס הײַזל וואו ער האָט געוואוינט. די אָרעמע זײַנען געווען אַזוי ווי שקלאַפֿן בײַ די רײַכע. די רײַכע האָבן געוואוינט אין שיינע הײַזער. זיי האָבן געטראָגן שיינע קליידער און געהאַט אַ סך דינערס. די אָרעמע האָבן קוים געהאַט גענוג צו עסן.

| | |
|---|---|
| רואיק | peaceful, quiet |
| סוחר, סוחרים | merchant, merchants |
| געליִען | lent |
| קוים | hardly |

## דער פּאַסטעך פֿון יהודה

אין אַ קליין שטעטעלע פֿון יהודה האָט גע־לעבט אַ פּאַסטעך. ער האָט געלעבט אַ שטיל לעבן. ער האָט געהאַט צײַט אַ סך צו טראַכטן. זײַן נאָמען איז געווען עמוס.

פֿון צײַט צו צײַט האָט עמוס געדאַרפֿט גיין אין די שטעט. ער האָט געדאַרפֿט פֿאַרקויפֿן די וואָל פֿון זײַנע שאָף. דאָרטן האָט ער געזען ווי עס לעבן די רײַכע. ער האָט געזען: די רײַכע נעמען צו פֿון די אָרעמע זייער שטיקעלע לאַנד. זיי זאָגן ליגן פֿאַר דעם ריכטער, זיי פֿירן זיך שלעכט אויף. זיי טוען שלעכטס די אַלמנות און יתומים. דערנאָך קומען זיי און ברענגען מתּנות די כּהנים, און זיי מיינען אַז גאָט וועט זיי מוחל זײַן.

ווען עמוס האָט דאָס אַלץ געזען, האָט עס אים ווי

געטאָן. ער האָט וועגן דעם אַ סך געטראַכט. ער האָט געפֿילט אַז ער מוז זיך אָננעמען פֿאַר די אָרעמע און פֿאַר די גערעכטע.

עמוס האָט דערפֿילט אַז ער מוז זײַן אַ נבֿיא, אַז ער קען רעדן אין נאָמען פֿון גאָט.

| | |
|---|---|
| אלמנה, אלמנות | widow, widows |
| יתום, יתומים | orphan, orphans |
| מוחל זיין | forgive |
| אָננעמען זיך | take the part of |
| גערעכטע | righteous |

## עמוס רעדט וועגן גרויסע אומגליקן

דער פּאַסטעך עמוס איז געקומען אין דער שטאָט בית־אל אין מלכות ישׂראל. דאָס איז געווען אַ שיינע שטאָט מיט אַ גרויסן טעמפּל. עס איז געווען אַ יום־טובֿ. עס איז געווען פֿריילעך. פּלוצלינג דערהערט מען אַ שטרענג קול. דאָס האָט גערעדט דער נבֿיא עמוס. ער האָט געזאָגט:

— הערט די רייד פֿון גאָט —
איך וויין פֿאַר ישׂראל וואָס וועט פֿאַלן.
עס וועט ניט אויפֿשטיין מער.
עס איז געפֿאַלן —
קיינער וועט עס ניט אויפֿהייבן!

אַלע מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אין מיטן יום־טובֿ אַזעלכע שרעקלעכע רייד! אין לאַנד איז שלום.

און דאָ הערט מען ווערטער וועגן אַ גרויס אומגליק פֿאַרן לאַנד. עמוס רעדט ווײַטער:

— עס וועלן קומען פֿרעמדע און פֿון אײַך אַלץ צונעמען. מע וועט ווײנען אין די גאַסן. די אומגליקן וועלן קומען אויפֿן לאַנד, ווײַל אין לאַנד איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט, ווײַל די רײַכע דריקן די אָרעמע.

| | |
|---|---|
| קול | voice |
| גערעכטיקייט | justice |
| דריקן | oppress |

## נבֿיא, אַנטלויף!

דער נבֿיא האָט ניט אויפֿגעהערט צו רעדן צו די רײַכע:

— גאָט האָט פֿײַנט אײַערע רײַכע מתנות. איך וויל זיי ניט, איך דאַרף זיי ניט — זאָגט גאָט. זײַט בעסער גוט צו די אָרעמע! נעמט ניט צו וואָס זיי האָבן! מאַכט זיי ניט פֿאַר שקלאַפֿן!

דער הויפּט־כּהן פֿון בית־אל האָט אויך געהערט וואָס עמוס האָט געזאָגט. האָט ער געשיקט זאָגן דעם קיניג:

— עס איז געקומען עמוס פֿון לאַנד יהודה. ער רעדט שרעקלעכע רייד. ער מאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן קיניג.

און צו עמוסן האָט דער הויפּט־כּהן געזאָגט:

— נבֿיא, אַנטלויף! אַנטלויף אין לאַנד יהודה. זײַ

דאָרטן אַ נביא. עס דאָרטן דײַן ברויט. דאָ טאָרסטו ניט זײַן אַ נביא, ווײַל דאָ איז אַ הייליקטום פֿון קיניג.

האָט עמוס געענטפֿערט:

— איך בין ניט קיין נביא און ניט קיין זון פֿון אַ נביא. איך בין נאָר אַ פּאַסטעך. גאָט האָט מיך אַוועקגערופֿן פֿון די שאָף און געהייסן זאָגן נבואה אויפֿן ייִדישן פֿאָלק. ווען גאָט שיקט — מוז מען גיין, מוז מען רעדן די ווערטער וואָס גאָט לייגט אַרײַן אין מויל.

עמוס האָט זיך ניט געשראָקן ניט פֿאַר דעם הויפּט־כּהן און ניט פֿאַר דעם קיניג. ער האָט געהייסן לעבן ערלעך און גערעכט.

| | |
|---|---|
| נבואה | prophecy |
| אויפֿגעהערט | stopped |

## די פֿאַרשריבענע רייד

עמוס האָט געמוזט אַוועק פֿון בית־אל. אָבער זײַנע ווערטער האָט מען גוט געדענקט. מע האָט פֿאַרשריבן זײַנע רייד.

עמוס איז געווען דער ערשטער גרויסער נביא וואָס מע האָט פֿאַרשריבן וואָס ער האָט געזאָגט. זײַנע רייד זײַנען געבליבן אויף אייביק. זיי זײַנען דאָ אין אַ טייל פֿון תּנך וואָס הייסט עמוס.

שפּעטער זײַנען געווען נאָך אַנדערע גרויסע נביאים. מע האָט זייערע רייד פֿאַרשריבן. די גרויסע נביאים

זײַנען געווען קעגן פֿאַלשקייט און פֿאַר גערעכטיקייט. די גרויסע נבֿיאים האָבן גערופֿן מענטשן צו לעבן ווי ברידער, ניט קריגן זיך, ניט דריקן איינער דעם צווייטן.

אייביק forever

## פֿ ר אַ ג ע ס

1. וואָס האָבן געטאָן די רײַכע פֿון מלכות ישׂראל ?
2. ווער איז געווען עמוס ?
3. פֿאַרוואָס האָט עמוס געזאָגט אַז ישׂראל וועט פֿאַלן ?
4. פֿאַרוואָס האָט דער הויפּט־כּהן געהייסן עמוסן אַנטלויפֿן פֿון מלכות ישׂראל ?
5. וואו זײַנען פֿאַרשריבן עמוסעס רייד ?

## ט ר אַ כ ט  װ ע ג ן  ד ע ם

1. עמוס האָט גערעדט גוטע רייד. שטעלט זיך פֿאָר אַז עמוס קומט אין דער שטאָט וואו איר וואוינט. וואָלט מען אים געפֿאָלגט ?
2. עמוס איז געווען אַ פּאַסטעך. פֿאַרוואָס און ווי אַזוי איז ער געוואָרן אַ נבֿיא ?
3. די רײַכע אין בית־אל און דער הויפּט־כּהן האָבן ניט געוואָלט אַז עמוס זאָל רעדן. פֿאַרוואָס האָט מען אים ניט אַרעסטירט ? וואָס האָבן מענטשן פֿון פֿאָלק געטראַכט וועגן אַ נבֿיא ?

4. עמוס האָט געזאָגט אַז ער איז ניט קיין נבֿיא און ניט קיין זון פֿון אַ נבֿיא. וואָס האָט ער געמיינט מיט דעם ?



שקלים

# דער סוף פֿון מלכות ישׂראל

## אַשור ווערט שטאַרק

אין די צײַטן פֿון דעם נבֿיא עמוס איז מלכות ישׂראל געווען רײַך און שטאַרק. אָבער באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן שלעכטע צײַטן.

אין צפֿון פֿון ארץ־ישׂראל האָט געלעבט אַ פֿאָלק — אַשור. אַשור האָט געהאַט אַ גרויסע אַרמיי און געזיגט איבער אַלע פֿעלקער אַרום ארץ־ישׂראל.

דער נײַער קיניג פֿון מלכות ישׂראל האָט מורא געהאַט פֿאַר אַשור. ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן: זאָל ער זײַן אַרמיי שיקן קעגן אַשור? אַשור איז שטאַרקער און וועט צעשלאָגן זײַן אַרמיי. זאָל ער זיך אונטערגעבן אָן אַ מלחמה?

דער קיניג האָט באַשלאָסן ניט צו גיין אין מלחמה. ער האָט געשיקט אַ רײַכע מתנה דעם קיניג פֿון אַשור. אַשור איז דערווײַל ניט אָנגעפֿאַלן אויף מלכות ישׂראל. עס איז דערווײַל געווען שלום.

| | |
|---|---|
| צפֿון | north |



סאָלדאַטן פֿון אשור

## שומרון פֿאַלט

די קיניגן פֿון אַשור האָבן געוואָלט אַלץ מער און מער מתּנות. מלכות ישׂראל האָט מורא געהאַט פֿאַר אַשור און האָט געגעבן אַלץ מער און מער מתּנות. אַזוי זײַנען אַוועק אַ סך יאָרן. די ייִדן פֿון מלכות ישׂראל האָבן געהאַט זייער אייגענע מלוכה. זיי זײַנען אָבער נישט געווען אין גאַנצן פֿרײַ. זיי האָבן געמוזט שיקן זייער אַ סך גאָלד און זילבער און אַנדערע טײַערע זאַכן דעם קיניג פֿון אַשור. עס איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער דער יאָך פֿון אַשור.

אין מלכות ישׂראל זײַנען געווען ייִדן וואָס האָבן געזאָגט אַז מע קען ניט מער שיקן קיין מתּנות צו אַשור.

זיי האָבן געזאָגט אַז מע מוז פירן אַ מלחמה מיט אַשור. אַנדערע האָבן געזאָגט אַז מע דאַרף יאָ ווײַטער געבן די מתנות, ווײַל זיי האָבן געוואוסט אַז אַשור קען צעשלאָגן מלכות ישׂראל.

עס איז געקומען אַ נײַער קיניג. ער האָט געמיינט אַז ער וועט קענען זיך באַפרײַען פון אַשור. ער האָט געשלאָסן אַ בונד מיט אַנדערע פעלקער אַרום מלכות ישׂראל און ער האָט אויפגעהערט צו שיקן מתנות.

דער קיניג פון אַשור איז אַרויס אין מלחמה קעגן די פעלקער וואָס ווילן זײַן אין גאַנצן פרײַ. ער האָט באַזיגט די אַנדערע פעלקער. דערנאָך האָט ער געשיקט אַ גרויסע אַרמיי אין מלכות ישׂראל. די ייִדישע אַרמיי האָט פאַרלוירן אַ סך שלאַכטן.

די גרויסע אַרמיי פון אַשור האָט אַרומגערינגלט שומרון, די הויפטשטאָט פון מלכות ישׂראל. די שטאָט שומרון איז געווען שטאַרק, מיט פעסטע ווענט אַרום און אַרום. דרײַ יאָר איז די אַרמיי פון אַשור געשטאַנען אַרום שומרון און נישט געקענט אַרײַן אין שטאָט. ייִדן האָבן זיך געשלאָגן ווי העלדן. אָבער צום סוף האָבן די סאָל־דאַטן פון אַשור צעבראָכן די ווענט און זײַנען אַרײַן אין שטאָט. עס איז געפאַלן די הויפטשטאָט פון מלכות ישׂראל.

| | |
|---|---|
| יאָך | yoke, burden |
| אַרומגערינגלט | surrounded |



דער קיניג פֿון אַשור

## די שלעכטקייט פֿון דעם זיגער

די סאָלדאַטן פֿון אַשור האָבן פֿאַרברענט די שטאָט שומרון. וואָס זיי האָבן נאָר געקענט נעמען — האָבן זיי צוגענומען. וואָס זיי האָבן ניט געקענט נעמען — האָבן זיי פֿאַרברענט. מען האָט די ייִדן פֿון מלכות ישׂראל אַרויסגעטריבן פֿון זייער לאַנד. מע האָט זיי אַוועקגעשיקט אין פֿאַרשיידענע ווײַטע טיילן פֿון אַשור. זיי האָבן געמוזט לעבן אין פֿרעמדע ערטער צווישן פֿרעמדע פֿעלקער.

אַשור האָט געבראַכט אין מלכות ישׂראל מענטשן

**פֿון אַנדערע פֿעלקער, פֿון ווײַטע לענדער. דאָס איז געווען דער סוף פֿון מלכות ישׂראל.**

| | |
|---|---|
| **זיגער** | winner, victor |

## די צען פֿאַרלוירענע שבֿטים

אַזוי זײַנען פֿאַרלוירן געגאַנגען צען שבֿטים פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, די אַלע שבֿטים וואָס זײַנען געווען פֿאַראייניקט אין מלכות ישׂראל. מען האָט געשאַפֿן פֿאַר־שיידענע שיינע מעשׂות וועגן די צען פֿאַרלוירענע שבֿטים.

עס איז געווען אַ לעגענדע אַז זיי לעבן אין שלום אין אַ ווײַט לאַנד הינטער אַ וואונדערלעכן טײַך וואָס הייסט סמבטיון. דער טײַך וואַרפֿט פֿון זיך שטיינער אַלע זעקס טעג פֿון דער וואָך. נאָר שבת רוט דער טײַך סמבטיון. הינטער דעם טײַך איז דאָ גוטע ערד. ייִדן באַאַרבעטן די ערד און לעבן דאָרטן רויִק. ווען משיח וועט קומען, וועלן די צען פֿאַרלוירנע שבֿטים זיך פֿאַר־אייניקן מיטן גאַנצן פֿאָלק. עס וועט ווידער ווערן איין פֿאָלק, איין ייִדיש פֿאָלק. עס זײַנען דאָ נאָך אַ סך שיינע מעשׂות וועגן די צען פֿאַרלוירענע שבֿטים. ייִדן, און אויך ניט־ייִדן, האָבן געזוכט אָט די פֿאַרלוירענע שבֿטים.

ווען מען איז געקומען אין אַמעריקע און געפֿונען די אינדיאַנער, האָט מען געמיינט אַז זיי שטאַמען פֿון די פֿאַרלוירענע שבֿטים. אויך בײַ די ענגלענדער איז




געווען אַ לעגענדע אַז זיי קומען אַרויס פֿון די צען שבֿטים. הונדערטער, אַפֿילו טויזנטער יאָרן זײַנען געווען מענטשן וואָס האָבן געזוכט די פֿאַרלוירענע שבֿטים.

אַרום שומרון זײַנען געבליבן אַ ביסל ייִדן. זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די מענטשן וואָס אַשור האָט געבראַכט אין לאַנד. פֿון זיי איז געוואָרן אַ קליין פֿאָלק. מע רופֿט זיי די שומרונים. די שומרונים האָבן געלעבט באַזונדער די גאַנצע צײַט. אַ קליין ביסל שומרונים זײַנען געבליבן ביז הײַנט. אָבער שומרונים זײַנען ניט קיין ייִדן.

| | |
|---|---|
| שטאַמען | come from, are descended from |
| אויסגעמישט | mixed |

## פ ר אַ ג ע ס

1. וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק איז געווען אַשור ?
2. פֿאַרוואָס האָט דער קיניג פֿון מלכות ישׂראל באַשלאָסן צו שיקן מתּנות דעם קיניג פון אַשור ?
3. וואָס האָבן געזאָגט די ייִדן וואָס האָבן געוואָלט זײַן אין גאַנצן פֿרײַ ?
4. פֿאַרוואָס איז אַשור אָנגעפֿאַלן אויף מלכות ישׂראל ?
5. ווי אַזוי האָט אשור אײַנגענומען שומרון ?
6. וואָס האָט אַשור געטאָן מיט די ייִדן פֿון מלכות ישׂראל ?

## ט ר אַ כ ט   ו ו ע ג ן   ד ע ם

1. פֿאַרוואָס האָט מען געשאַפֿן די שיינע מעשׂות וועגן די צען פֿאַרלוירענע שבֿטים ?
2. די שומרונים זײַנען נישט קיין ייִדן. איז מען גערעכט ווען מע מיינט אַזוי ?
3. אַשור האָט חרובֿ געמאַכט מלכות ישׂראל. מע האָט אויסגעהרגעט אַ סך ייִדן. זײַנען אונדזערע אייגענע צײַטן בעסער ? וואָס האָט פּאַסירט אין אייראָפּע אין אונדזער אייגענער צײַט ?

# דער גרויסער נבֿיא ישעיה

## מלכות יהודה בלײַבט

ווען מלכות ישׂראל איז אונטערגעגאַנגען, איז מלכות יהודה געבליבן. עס איז געווען אַ קליין לאַנד. געווען צײַטן ווען מע האָט געדאַרפֿט שיקן מתּנות צו די שטאַרקע קיניגן פֿון אַשור. אָבער אין לאַנד איז מען געווען פֿרײַ, מע האָט געקענט לעבן ווי מע וויל.

מלכות יהודה איז געווען ניט אַזוי רײַך ווי מלכות ישׂראל. דער האַנדל איז ניט געווען אַזוי וויכטיק. מע האָט געלעבט פֿון באַאַרבעטן די ערד, פֿון פֿיטערן שאָף. אַמאָל זײַנען געווען בעסערע צײַטן, אַמאָל זײַנען געווען ערגערע צײַטן. דאָס לעבן איז אָבער געווען רויִק.

אַלע קיניגן פֿון יהודה זײַנען געווען פֿון דודס הויז. ווען אַ קיניג איז געשטאָרבן, איז אויף זײַן אָרט געווען זײַן עלטסטער זון.

די הויפּטשטאָט איז געווען ירושלים. אין ירושלים איז געשטאַנען דער בית־המקדש. דאָס איז געווען דאָס הייליקסטע אָרט בײַ ייִדן. דרײַ מאָל אין יאָר זײַנען ייִדן

פֿון גאַנצן לאַנד געקומען קיין ירושלים. דאָס איז געווען אין די יום־טובֿים פּסח, שבֿועות און סוכּות. ייִדן האָבן ליב געהאַט זייער הויפּטשטאָט ירושלים און זיי האָבן געהאַלטן טײַער דעם בית־המקדש. דאָרטן האָבן די כּהנים געדינט גאָט; דאָרטן האָבן די לוויים געזונגען שיינע לידער.

אָבער אין מלכות יהודה זײַנען אויך נישט אַלע געווען גלײַך. עס זײַנען געווען רײַכע און עס זײַנען געווען אָרעמע. מען האָט ניט אַלע מאָל אָפּגעהיט די געבאָטן פֿון משה רבינו.

| | |
|---|---|
| perished, was destroyed | אונטערגעגאַנגען |
| trade | האַנדל |
| grazing, feeding | פּיטערן |
| levites | לוויים |

## דער נבֿיא פֿון אַ רײַכער משפּחה

ווען אַשור איז געוואָרן גרויס און שטאַרק, האָט אין יהודה געלעבט דער נבֿיא ישעיה. ער איז געווען פֿון אַ רײַכער און וויכטיקער פֿאַמיליע. ער איז אָפֿט געקומען אין פּאַלאַץ פֿון דעם קיניג. דער קיניג און די פֿירערס פֿון פֿאָלק האָבן זיך צוגעהערט צו אים. ער האָט געגעבן עצות וואָס צו טאָן אין שווערע צײַטן. ער האָט אָבער גערעדט קעגן די פֿירערס פֿון פֿאָלק און קעגן דעם פֿאָלק, ווען ער האָט געזען אַז מע גייט אויף שלעכטע

וועגן. ער איז געווען זייער אַ גרויסער פּאָעט און האָט גערעדט אויף זייער אַ שיינער שפּראַך.

צוגעהערט listened, obeyed

## די עצה פֿון דעם נבֿיא

ווען דער קיניג פֿון מלכות ישׂראל האָט זיך געגרייט אין מלחמה קעגן אַשור, האָט ער געוואָלט אַז מלכות יהודה זאָל אים העלפֿן. ער האָט געוואָלט אַז מלכות יהודה זאָל העלפֿן אין דער מלחמה מיט אַשור.

דער קיניג פֿון מלכות יהודה האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. האָט דער קיניג גערופֿן ישעיה און אים געפֿרעגט אַן עצה. ישעיה האָט געזאָגט:

— פֿיר ניט קיין מלחמה מיט אַשור און שיק ניט קיין מתּנות. טו גאָרניט. אַשור וועט צעשלאָגן מלכות ישׂראל, אָבער דיר וועט אַשור גאָרניט טאָן.

דער קיניג האָט ניט געטאָן ווי ישעיה האָט געהייסן. ער האָט מורא געהאַט פֿאַר אַשור און געשיקט מתּנות צו דעם קיניג פֿון אַשור. די גרויסע מתּנות פֿאַר אַשור האָבן שווערער געמאַכט דאָס לעבן פֿון די ייִדן אין מלכות יהודה.

## די רייד פֿון דעם נבֿיא

ישעיה האָט געזען אַז עס ווערט אין לאַנד אַלץ ווייניקער גערעכטיקייט און די רײַכע דריקן אַלץ מער די

אָרעמע. האָט ישעיה גערעדט וועגן דעם. ער האָט גע־
רופן:

הערט אויף צו טאָן שלעכטס!
לערנט זיך צו טאָן גוטס!
זוכט אמת און גערעכטיקייט.
מאַכט גרינגער דאָס לעבן פֿון די אָרעמע.
זײַט גוט צו יתומים.
העלפֿט די אַלמנות.

ישעיה איז געווען זייער בייז וואָס מען הייבט אָן צו דינען פֿרעמדע געטער. און ער האָט געזאָגט וועגן די רײַכע וואָס האָבן געדינט די פֿרעמדע געטער פֿון אַשור:

זייער לאַנד איז פֿול מיט גאָלד און זילבער.
זייער רײַכקייט איז אָן אַ סוף.
אָבער זייער לאַנד איז פֿול מיט פֿאַלשע געטער.
זיי דינען געטער וואָס זיי האָבן געמאַכט
מיט זייערע אייגענע הענט.
זיי דינען געטער וואָס זעען נישט און
הערן נישט!

## דער קיניג חזקיה

דער אַלטער קיניג איז געשטאָרבן. זײַן יונגער זון חזקיה איז געוואָרן קיניג. ער האָט געוואָלט זײַן אַ

גוטער קיניג. ער האָט זיך צוגעהערט צו די רייד פֿון ישעיה. ער האָט געפֿאָלגט דעם נבֿיא.

חזקיה האָט ניט געוואָלט מער דינען פֿאַלשע געטער. ער האָט אויך גרינגער געמאַכט דאָס לעבן פֿון די אָרעמע.

עס זײַנען געווען אין יהודה אַ סך ייִדן וואָס האָבן געזאָגט:

— לאָמיר ניט שיקן מער קיין מתּנות דעם קיניג פֿון אַשור. לאָמיר זיך פֿאַראייניקן מיט דעם שטאַרקן לאַנד מצרים און זיך באַפֿרײַען פֿון אַשור.

ישעיה האָט ניט געוואָלט אַז דער קיניג און דאָס פֿאָלק זאָלן דאָס טאָן. האָט ער אויסגעטאָן זײַנע קליידער און געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון ירושלים אַ האַלב־נאַקעטער, ווי אַ שקלאַף. ער האָט אויסגערופֿן:

ווײ צו די וואָס זוכן הילף פֿון מצרים!
ווײ צו די וואָס פֿאַרלאָזן זיך אויף מצרים!

דער קיניג חזקיה האָט באַשלאָסן ניט צו זוכן הילף פֿון מצרים.

עטלעכע יאָר שפּעטער איז מלכות יהודה געווען אין גרויס געפֿאַר. אַ שטאַרקער קיניג פֿון אַשור איז אַרײַן אין דעם לאַנד יהודה. ער האָט אײַנגענומען אַ סך שטעט. ער איז צוגעקומען צו ירושלים און זי אַרומגערינגלט מיט זײַן גרויסער אַרמיי.

חזקיה האָט געפֿרעגט בײַ ישעיהן:

— וואָס טוט מען איצט?

ישעיה האָט געזאָגט, מע זאָל זיך פֿאַרטיידיקן און גאָט וועט ראַטעווען פֿון די הענט פֿון אַשור. אַזוי איז טאַקע געשען. ייִדן האָבן זיך העלדיש פֿאַרטיידיקט. עס איז געוואָרן אַ קראַנקייט אין דער אַרמיי פֿון אַשור. אויף אַשור איז אָנגעפֿאַלן אַ שטאַרקער שונא. דער טייל פֿון דער אַרמיי פֿון אַשור וואָס איז געבליבן לעבן איז גיך אַוועק פֿון ארץ־ישׂראל. מלכות יהודה האָט זיך געראַ־טעוועט.

| | |
|---|---|
| פֿאַרלאָזן זיך | depend |

## דער נבֿיא פֿון אייביקן שלום

ישעיה האָט געלעבט אין שווערע צײַטן. עס זײַנען געווען צײַטן פֿון געפֿאַר פֿאַר מלכות יהודה. די פֿעלקער אַרום האָבן געפֿירט מלחמות. מענטשן האָבן נישט געקענט לעבן אין שלום, רואיק און גליקלעך.

דער גרויסער נבֿיא ישעיה האָט געטרייסט דאָס פֿאָלק. ער האָט געזאָגט אַז עס וועט קומען אַ צײַט, ווען ייִדן וועלן קענען לעבן אין שלום, ווען אַלע מענטשן אויף דער וועלט וועלן לעבן אין שלום. ישעיה האָט פֿײַנט געהאַט מלחמה. ישעיה איז געוואָרן דער גרויסער נבֿיא פֿון אייביקן שלום. ער האָט געזאָגט:

– עס וועט זײַן אין סוף פֿון די טעג.
גאָטס הויז וועט שטיין אויפֿן שפּיץ פֿון די
בערג.
אַלע פֿעלקער וועלן קומען אַהין.
זיי וועלן פֿון זייערע שווערדן מאַכן אַקעראײַזנס,
פֿון זייערע שפּיזן – שערן פֿאַר ביימער!
אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט ניט הייבן אַ
שווערד!
מע וועט מער ניט לערנען פֿירן מלחמה!

ישעיה האָט געהאָפֿט אַז אַלע מענטשן וועלן ווערן בעסער. די שטאַרקע וועלן מער ניט באַפֿאַלן די שוואַכע. ישעיה האָט געהאָפֿט אַז אַלע וועלן זײַן גלײַך און אַלע וועלן לעבן אין גערעכטיקייט. האָט ער געגעבן אַזאַ בילד:

– אַ וואָלף וועט לעבן מיט אַ שעפּעלע,
אַ לעמפּערט וועט וואוינען מיט אַ ציגעלע,
אַ קו און אַ בער וועלן זײַן צוזאַמען.
אַ לייב וועט עסן שטרוי ווי אַן אָקס,
אַ קליין קינד וועט זיך שפּילן מיט אַ שלאַנג.
קיינער וועט ניט טאָן קיין שלעכטס.
קיינער וועט ניט דריקן דעם צווייטן.

| | |
|---|---|
| פֿעסט | strong |
| שפּיץ | point, top |
| אַקעראײַזנס | plows |
| לעמפּערט | leopard |
| שטרוי | straw |
| שלאַנג | snake |

## פֿ ר אַ ג ע ס

1. מיט וואָס איז ישעיה אַנדערש פֿון די פֿריִער־דיקע נבֿיאים ?
2. וואָס האָט ישעיה געזאָגט וועגן מלחמה ?
3. וואָס האָט ישעיה געזאָגט וועגן די אָרעמע און די שוואַכע ?
4. ווי אַזוי האָט מלכות יהודה זיך געראַטעוועט פֿון אַשור ?
5. וואָס ווייסט איר וועגן דעם קיניג חזקיה ?

## ט ר אַ כ ט ו ו ע ג ן ד ע ם

1. אין ניו־יאָרק, אין דעם גרויסן הויז פֿון די פֿאַר־אייניקטע פֿעלקער, זײַנען אָנגעשריבן ישעיהס רייד וועגן אייביקן שלום. פּאַסן זיך אָט די ווערטער פֿאַר דעם הויז פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער ?
2. עס זײַנען אַוועק טויזנטער יאָרן נאָך ישעיהס רייד וועגן אייביקן שלום. עס איז נאָך אַלץ ניטאָ קיין שלום צווישן פֿעלקער. פֿאַרוואָס ?
3. ישעיה האָט גערעדט וועגן דעם וואָס עס וועט זײַן „אין סוף פֿון די טעג״. מיינט איר אַז עס וועט אַמאָל קומען אַזאַ גליקלעכע צײַט ? ווי וועט זי קומען ?

# דער נבֿיא ירמיה

## מע געפֿינט אַ הייליקן ספֿר

ישעיה און חזקיה זײַנען געשטאָרבן. דער נײַער קיניג פֿון יהודה האָט ווײַטער געשיקט מתנות צו אַשור. ער האָט אויך געדינט צו די געצן פֿון אַשור. אַ סך ייִדן האָבן מער נישט געדינט גאָט ווי משה און די נבֿיאים האָבן געהייסן.

עס זײַנען אָבער געווען גוטע און פֿרומע ייִדן. זיי האָבן געדענקט די ווערטער פֿון די נבֿיאים. זיי האָבן די אַלע גוטע געזעצן פֿון אַלטע צײַטן אָנגעשריבן אין אַ בוך. דאָרטן זײַנען געווען די געזעצן פון משה רבינו און דאָרטן זײַנען געווען די רייד פֿון די נבֿיאים. דאָס בוך האָט מען באַהאַלטן אין בית־המקדש.

עס איז געווען אין לאַנד אַ גוטער, אַ יונגער קיניג. ער האָט געהייסן יאשיהו. ער האָט געוואָלט שענער מאַכן דעם בית־המקדש. האָט ער געהייסן, מע זאָל אים איבער־בויען. ווען מע האָט איבערגעבויט דעם בית־המקדש, האָט מען געפֿונען דאָס בוך מיט די גוטע געזעצן. די

אַרבעטער האָבן דאָס בוך געוויזן דעם כּהן־גדול און דער כּהן־גדול האָט דאָס בוך געבראַכט צום קיניג. דער קיניג האָט דאָס בוך געלייענט. ער האָט געזען אַז עס איז זייער אַ הייליק בוך. ער האָט געוואָלט אַז אַלע ייִדן זאָלן לעבן ווי דאָס בוך לערנט.

דער קיניג יאשיהו האָט גערופֿן אַלע ייִדן פֿון מלכות יהודה זיי זאָלן קומען אין ירושלים. ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק איז געקומען, האָט מען פֿאָרגעלייענט דאָס בוך. מען האָט געשוואָרן אַז מע וועט פֿאַלגן די געזעצן וואָס זײַנען דאָרט דאָ.



מע לייענט דעם געפֿונענעם ספֿר

| | |
|---|---|
| book | ספֿר |
| idols | געצן |
| rebuild | איבערבויען |
| swore | געשוואָרן |

## די גוטע געזעצן

דאָס בוך וואָס מע האָט געפֿונען האָט גע־לערנט:

מע טאָר ניט דינען צו בעל, מען טאָר ניט דינען צו אַנדערע געצן. מע טאָר ניט דינען צו דער זון אָדער צו דער לבֿנה. מע קען דינען נאָר איין גאָט.

לאַנד דאַרף בלײַבן אין די הענט פֿון דער זעלביקער משפּחה. ווען מע פֿאַרקויפֿט לאַנד, דאַרף מען נאָך פֿופֿציק יאָר עס געבן צוריק צו דער זעלביקער משפּחה וואָס האָט עס פֿריִער געהאַט.

צום סוף פֿון זיבן יאָר טאָר מען ניט מאָנען וואָס מע האָט געבאָרגט.

אַ טייל תּבֿואה אויפֿן פֿעלד דאַרף מען לאָזן פֿאַר דעם אָרעמען וואָס האָט נישט אַליין קיין פֿעלד.

מע דאַרף זאָרגן וועגן די אָרעמע, וועגן די אַלמנות און יתומים. מע מוז אַן אַרבעטער באַצאָלן פֿאַר זײַן אַרבעט גלײַך דעם זעלביקן טאָג, ווײַל ער דאַרף האָבן דאָס געלט צו קויפֿן ברויט.

אין בוך זײַנען נאָך דאָ אַ סך גוטע און גערעכטע געזעצן. דאָס בוך איז אַ טייל פֿון חומש. דאָס איז דער ספֿר דבֿרים. די געזעצן זײַנען געווען ווי די נבֿיאים האָבן געוואָלט.

| | |
|---|---|
| ask for, demand | מאָנען |
| provide for, worry about | זאָרגן |

# דער יונגער ירמיה

ניט ווײַט פֿון ירושלים איז געווען אַ קליין שטעטל. דאָרטן האָט געלעבט אַ יונגער מענטש וואָס האָט געהייסן ירמיה. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ כּהן. ירמיה האָט אַ סך געלערנט. ער האָט געלערנט וועגן די נבֿיאים און האָט געוואוסט וואָס זיי האָבן געזאָגט.

ירמיה האָט געזען ווי מע לעבט אין זײַן שטעטל. ער האָט געזען אַז ניט אַלץ איז גוט. ער האָט דערפֿילט אַז ער מוז רעדן קעגן דעם שלעכטס וואָס ער זעט. ער איז אָבער געווען זייער יונג, ער האָט מורא געהאַט צו רעדן צום פֿאָלק אין גאָטס נאָמען. אָבער מיט יעדן טאָג האָט ער אַלץ שטאַרקער געפֿילט: — ער מוז רעדן קעגן שלעכטע מענטשן! ער מוז רעדן קעגן די וואָס דריקן די אָרעמע! ער מוז עס טאָן!

און דער יונגער ירמיה איז געוואָרן אַ נבֿיא. די מענטשן פֿון זײַן שטעטל האָבן זיך זייער געוואונדערט. זיי האָבן נישט געוואָלט הערן זײַנע רייד.

דער קיניג האָט געשיקט מענטשן אין ירמיהס שטעטל, מע זאָל צעברעכן די געצן. דער יונגער נבֿיא איז געווען זייער צופֿרידן, אָבער אַ סך מענטשן פֿון שטעטל זײַנען געווען בייז. זיי האָבן ניט געוואָלט, מע זאָל צעברעכן די געצן וואָס זײַנען געמאַכט פֿון גאָלד

און פֿון זילבער. זיי זײַנען געוועזן זייער אין כּעס אויף ירמיהן. דער יונגער נבֿיא איז אַנטלאָפֿן פֿון זײַן שטעטל.

## ירמיה אין ירושלים

ירמיה איז געקומען אין דער גרויסער שטאָט ירושלים. ער האָט געמיינט אַז דאָרטן זײַנען ייִדן גוט און פֿרום. ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון ירושלים און געזען וואָס מענשטן טוען, ווי מענטשן לעבן. האָט ער געזען, אַ סך ייִדן פֿירן זיך אויף נישט גוט. ער האָט געזען: מע נאַרט אָפּ ווען מע פֿאַרקויפֿט; מע נעמט גוט געלט און מע גיט שלעכטע זאַכן. ער האָט געזען: מע קריגט זיך, מע שלאָגט זיך. ער איז געוואָרן טרויע־ריק פֿון דעם וואָס ער האָט געזען און ער האָט געזאָגט:

גייט אַרום איבער די גאַסן פֿון ירושלים!
קוקט און זוכט:
— אויב איר וועט געפֿינען איין מענטש וואָס
לעבט ערלעך,
איין מענטש וואָס זאָגט נאָר דעם אמת, —
וועט גאָט פֿאַרגעבן!
אָבער אַלע שווערן בײַ גאָט,
און עס איז אַ ליגן וואָס זיי שווערן.

ירמיה האָט אַזוי גערעדט, ווײַל ער האָט געזוכט דעם אמת.

ירמיה איז אַוועק אין פּאַלאַץ פֿון קיניג. ער האָט געזען ווי עס לעבן די פירערס פֿון פֿאָלק. ער האָט געזען אַז אויך דאָרטן איז דאָ שלעכטקייט און פאַלשקייט. האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געמיינט די גרויסע לײַט ווייסן גאָטס וועגן,
די פירערס פֿון פֿאָלק ווייסן וואָס עס איז ריכטיק.
אָבער זיי אַליין זײַנען אַוועק פֿון ריכטיקן וועג.

ירמיה איז געוואָרן זייער טרויעריק. ער האָט גע־וואָלט אַוועק פֿון ירושלים. ער האָט אָבער ניט געהאַט וואוהין צו גיין:

— ווען איך זאָל געפינען אַן אָרט אין מדבר,
וואָלט איך פאַרלאָזן מײַן פֿאָלק,
איך וואָלט אַוועק פֿון זיי:
זיי זײַנען פאַלש און שלעכט.

ירמיה איז געבליבן אין ירושלים. ער האָט אָבער אַ לאַנגע צײַט ניט גערעדט מער צום פֿאָלק. ער האָט געלעבט שטיל. ער האָט געהאַט אַ געטרײַען תּלמיד וואָס האָט געהייסן ברוך. ברוך האָט פאַרשריבן אַלע רייד פֿון זײַן גרויסן לערער.

פֿרום — religious, pious

## דאָס לאַנד בבֿל

דאָס שטאַרקסטע לאַנד אין דער וועלט איז געוואָרן בבֿל. דאָס ייִדישע לאַנד איז געווען צווישן בבֿל און מצרים. עס זײַנען געווען ייִדן וואָס האָבן געזאָגט: מע דאַרף דינען בבֿל ווײַל בבֿל איז שטאַרק. עס זײַנען געווען ייִדן וואָס האָבן געזאָגט: מע דאַרף צוזאַמען מיט מצרים זײַן קעגן בבֿל, ווײַל בבֿל איז שטאַרק. די נבֿיאים האָבן אָבער געזאָגט: מע דאַרף זיך ניט מישן אין דעם קאַמף צווישן פֿעלקער. ירמיה האָט געזאָגט:

— בבֿל און מצרים —ביידע זײַנען שלעכט.

ירמיה האָט מער ניט געוואָלט זײַן שטיל. עס איז געווען אין מלכות יהודה אַ שלעכטער קיניג. מע האָט ווידער געדינט צו געצן. מע האָט געדאַרפֿט אַ סך גאָלד און זילבער צו שיקן מתנות צו די שטאַרקע לענדער. האָט מען געדריקט די אָרעמע. די רײַכע זײַנען געוואָרן אַלץ רײַכער און די אָרעמע — אַלץ אָרעמער. ירמיה איז געקומען אין בית־המקדש און גערעדט צו די כּהנים און צו די רײַכע וואָס זײַנען דאָרטן געווען:

— קערט זיך אום צו גאָט —
וועט ער זיך אומקערן צו אײַך!
איר גנבֿעט, הרגעט און שווערט פֿאַלש.
דערנאָך קומט איר אין בית־המקדש און בעט גאָט.



ירמיה טראָגט דעם יאָך פֿון בבֿל

איר מיינט אַז דאָס וועט אײַך העלפֿן.
ניין, גאָט וועט צעשטערן דעם בית־המקדש,
די שטאָט ירושלים וועט צעשטערט ווערן!

די מענטשן וואָס האָבן דאָס געהערט זײַנען געוואָרן זייער אין כּעס. מע האָט ירמיהן געוואָלט טייטן. מע האָט אָבער מורא געהאַט צו טייטן אַ נבֿיא. מע האָט אים געלאָזט פֿרײַ.

ירמיה האָט מורא געהאַט אַז בבֿל וועט באַפֿאַלן דאָס יידישע לאַנד. ער האָט געזאָגט:

— שיקט מתּנות קיין בבֿל.

ירמיהס תּלמיד ברוך האָט געלייענט פֿאַרן פֿאָלק די

רייד פֿון זײַן לערער. דער קיניג האָט וועגן דעם געהערט. ער האָט געהייסן ברענגען דאָס בוך מיט די ווערטער פֿון דעם נבֿיא. מע האָט פֿאַר דעם קיניג געלייענט דאָס בוך. דער קיניג איז געוואָרן זייער אין כּעס און האָט פֿאַרברענט דאָס בוך.

| | |
|---|---|
| קאַמף | struggle |
| קערט זיך אום | return |

## פֿראַגעס

1. ווי אַזוי האָט מען געפֿונען דעם הייליקן ספֿר?
2. וואָס איז אין ספֿר געווען געשריבן?
3. פֿאַרוואָס האָט ירמיה פֿאַרלאָזט זײַן שטעטל?
4. וואָס האָט דער נבֿיא געזען אין ירושלים און וואָס האָט ער געזאָגט?
5. פֿאַרוואָס האָט ירמיה געוואָלט אַוועק אין מדבר?
6. פֿאַרוואָס האָט מען געוואָלט טייטן ירמיהן?

## טראַכט וועגן דעם

1. מלכות יהודה איז געווען צווישן די צוויי שטאַרקע לענדער, אַשור און מצרים, און דערנאָך צווישן בבֿל און מצרים. וואָס איז פֿון דעם אַרויסגעקומען?
2. ייִדן האָבן געשוואָרן צו היטן די גוטע געזעצן אין דעם ספֿר דבֿרים. פֿאַרוואָס האָט מען זיי נישט געהיט? פֿאַרוואָס האָט מען גענומען דינען די געטער פֿון אַשור און דערנאָך די געטער פֿון בבֿל?

# דער סוף פֿון מלכות יהודה

## דער ייִדישער קיניג ווערט פֿאַרשיקט קיין בבֿל

אין לאַנד איז געווען אַ יונגער קיניג. דרײַ יאָר האָט ער געשיקט מתּנות קיין בבֿל. דאָס פֿערטע יאָר האָט ער אויפֿגעהערט. ער האָט געמיינט אַז מצרים וועט אים העלפֿן. ירמיה האָט געוואָרנט אַז בבֿל וועט צע־שטערן דאָס לאַנד. דער קיניג פֿון בבֿל האָט טאַקע געשיקט אַן אַרמיי וואָס איז אַרײַן אין דעם ייִדישן לאַנד. די אַרמיי פֿון בבֿל האָט אַרומגערינגלט ירושלים.

דער ייִדישער קיניג האָט מורא געהאַט אַז די אַרמיי פֿון בבֿל וועט צעשטערן די שטאָט ירושלים. האָט ער זיך אונטערגעגעבן. דער קיניג פֿון בבֿל האָט ניט באַשטראָפֿט דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק. ער האָט גענומען דעם יונגן קיניג פֿון יהודה און זײַנע רײַכע פֿרײַנד, די פֿירערס פֿון פֿאָלק און די וויכטיקסטע כּהנים, און ער האָט זיי אַלע אַוועקגעשיקט קיין בבֿל. ער האָט אויך צוגענומען אַ סך גאָלד און זילבער. מלכות יהודה איז געבליבן, אָבער זייער שוואַך און אָרעם.

| | |
|---|---|
| exiled | פֿאַרשיקט |




## דער לעצטער קיניג פֿון דעם הויז פֿון דוד

בבֿל האָט באַשטימט אַ נײַעם קיניג פֿון דעם הויז פֿון דוד. ער האָט געהייסן צדקיה. ער האָט צוגעזאָגט צו שיקן מתנות קיין בבֿל. ער האָט צוגעזאָגט צו זײַן אַ פֿרײַנד פֿון בבֿל.

צדקיה איז געווען אַ גוטער מענטש. ער האָט געוואָלט טאָן וואָס ירמיה הייסט. ער האָט מער נישט געוואָלט פֿירן קיין מלחמות מיט בבֿל. אָבער אין ירושלים זײַנען געווען אַ סך מענטשן וואָס האָבן זיך פֿאַרלאָזט אויף מצרים.

ירמיה איז געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון ירושלים און ער האָט געזאָגט:

פֿירט ניט קיין מלחמה מיט בבֿל,
ווײַל בבֿל וועט אונדז חרובֿ מאַכן!

דעם נביאס רייד האָבן ניט געהאָלפֿן. דער קיניג האָט גענומען זיך גרייטן צו פֿירן אַ מלחמה מיט בבֿל.

חרוב מאַכן — destroy

## בויט הײַזער און פֿלאַנצט גערטנער

די ייִדן וואָס מע האָט פֿאַרטריבן אין בבֿל האָבן געהערט: ייִדן פֿון מלכות יהודה ווילן האַלטן מלחמה מיט בבֿל. זיי האָבן געוואָלט העלפֿן. האָט ירמיה געשיקט אַ בריוו צו די ייִדן פֿון בבֿל. ער האָט זיי געשריבן אַז זיי וועלן נאָך לאַנג בלײַבן אין בבֿל. ער האָט זיי געשריבן:

בויט הײַזער און וואוינט אין זיי.
פֿלאַנצט גערטנער און עסט די פֿרוכט פֿון זיי.
לעבט בשלום וואו איר זײַט.

ירמיה האָט געהאָפֿט אַז ייִדן אין בבֿל וועלן בלײַבן ייִדן. און אַזוי איז טאַקע געווען.

גערטנער — gardens

## ירמיה אין גרוב

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן מלכות יהודה און בבֿל. דער קיניג פֿון בבֿל האָט געשיקט אַ שטאַרקע אַרמיי. זי איז אַרײַן אין יהודה און האָט אַרומגערינגלט ירושלים. ירמיה איז געגאַנגען

איבער די גאַסן פֿון ירושלים און האָט גערעדט:

— גיט זיך אונטער!

די פֿירערס פֿון פֿאָלק זײַנען געוואָרן זייער אין כּעס. מע האָט גענומען ירמיהן און מע האָט אים אַראָפּגעלאָזט אין אַ טיפֿער גרוב. אין גרוב איז ניט געווען קיין וואַסער. דער נבֿיא איז געווען טיף אין ליים. ער וואָלט דאָרט געשטאָרבן. איינער פֿון די הויפֿלײַט האָט רחמנות געהאַט אויף אים און האָט עס דערציילט דעם קיניג צדקיה. דער קיניג האָט געהייסן אַרויסנעמען דעם נבֿיא פֿון גרוב. ירמיה איז געבליבן אין אַ טורמע לעבן פּאַלאַץ. פֿון דער טורמע האָט ער ווידער געשריבן:

— גיט זיך אונטער!

| | |
|---|---|
| אַראָפּגעלאָזט | let down |
| גרוב | pit |
| ליים | clay |
| הויפֿלײַט | courtiers |
| טורמע | prison |

## חורבן ירושלים

די שטאָט ירושלים איז געווען אַרומגערינגלט. אין שטאָט איז געווען אַ הונגער. אין שטאָט זײַנען געווען אַ סך קראַנקייטן. די אײַנוואוינערס האָבן זייער געליטן. אַ סך זײַנען געשטאָרבן.

ייִדן האָבן העלדיש פֿאַרטיידיקט די שטאָט ירושלים. אָבער די אַרמיי פֿון בבֿל האָט דורכגעבראָכן די ווענט.

דער שׂונא איז אַרײַן אין שטאָט. מע האָט פֿאַרברענט דעם בית־המקדש. מע האָט דערהרגעט אַ סך ייִדן. מע האָט גענומען אַ סך געפֿאַנגענע.

דער קיניג פֿון בבֿל האָט באַשטראָפֿט דעם קיניג צדקיה. מע האָט דערהרגעט זײַנע זין און בלינד געמאַכט דעם קיניג.

מע האָט צוגענומען פֿון ירושלים אַלע טײַערע זאַכן. מע האָט אַוועקגעפֿירט אַלע רײַכע און אַלע וואָס האָבן גענומען אַן אָנטייל אין דער מלחמה. אין לאַנד האָט מען געלאָזט נאָר די גאָר אָרעמע. מע האָט טויזנטער און טויזנטער ייִדן געפֿירט קיין בבֿל.

צווישן זיי איז אויך געווען דער נבֿיא ירמיה. אַ גענעראַל פֿון בבֿל האָט דערקענט ירמיהן צווישן די געפֿאַנגענע. האָט ער אים געפֿרעגט:

— ווילסטו גיין קיין בבֿל אָדער ווילסטו בלײַבן אין יהודה?

ירמיה האָט געענטפֿערט אַז ער וויל בלײַבן אין יהודה. ער האָט געוויינט אויפֿן חורבן פֿון זײַן לאַנד. ער האָט געוויינט אויפֿן חורבן פֿון בית־המקדש, אויפֿן אומגליק פֿון זײַן פֿאָלק:

—ווי, עס איז געבליבן זיצן אַליין
די שטאָט פֿון פֿיל פֿאָלק!
אַן אַלמנה איז זי געוואָרן.



*After Bendemann*

יִרמיה

זי וויינט גאַנצע נעכט.

זי האָט ניט קיין טרייסטערס.

אַזוי האָט ירמיה געוויינט אויפֿן חורבן. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויס קלאָגליד וואָס הייסט איכה. דאָס קלאָגליד לייענט מען אין דעם טאָג פֿון טרויער און פֿון פֿאַסטן. דער טאָג איז תּשעה־באָבֿ.

| | |
|---|---|
| חורבן | destruction |
| געפֿאַנגענע | prisoners |
| גענומען אַן אָנטייל | took part in |
| קלאָגליד | lament |

## ירמיה אין מצרַיִם

דאָס לאַנד יהודה איז נאָכן חורבן געווען זייער אָרעם. עס זײַנען דאָרטן געבליבן נאָר אָרעמע מענטשן



נאָך דעם חורבן

וואָס האָבן באַאַרבעט די ערד. עס זײַנען געבליבן פּאַס־טעכער. דאָס לאַנד איז געווען אַ טייל פֿון בבֿל. דער פֿירער איז געווען אַ גוטער מענטש וואָס האָט געהייסן גדליה. ער איז ניט געווען פֿון דודס הויז. דער קיניג פֿון בבֿל האָט אים געמאַכט פֿאַר דעם פֿירער. גדליה האָט געוואָלט העלפֿן זײַן פֿאָלק. שלעכטע מענטשן האָבן דערהרגעט גדליהן. ייִדן האָבן זיך זייער דערשראָקן. זיי האָבן מורא געהאַט: דער קיניג פֿון בבֿל וועט שיקן אַן אַרמיי און וועט באַשטראָפֿן אַלע ייִדן. זײַנען אַ סך ייִדן אַנטלאָפֿן. זיי זײַנען אַנטלאָפֿן קיין מצרים. זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך דעם אַלטן נבֿיא ירמיה. דאָרטן איז ער געווען זייער טרויעריק. דאָרטן איז ער געשטאָרבן.

פֿערציק יאָר איז ירמיה געווען אַ נבֿיא. ער איז געווען אַ גרויסער נבֿיא. ער האָט זייער ליב געהאַט זײַן




פֿאָלק. מע האָט אים אָבער ניט געפֿאָלגט. דער נבֿיא האָט געזען דאָס אומגליק וואָס איז געקומען אויף זײַן פֿאָלק. ער האָט געוויינט אויף דעם אומגליק. ער האָט אויך געטרייסט:

— דאָס פֿאָלק וועט ניט אונטערגיין!

אַזוי איז טאַקע געווען. מלכות יהודה איז אונטערגעגאַנגען, אַזוי ווי עס איז פֿריִער אונטערגעגאַנגען מלכות ישׂראל. אָבער דאָס ייִדישע פֿאָלק איז ניט אונטערגעגאַנגען. און אַזוי האָט דאָך געזאָגט דער נבֿיא.

## פֿ ר אַ ג ע ס

1. ווי אַזוי איז צדקיה געוואָרן קיניג?
2. וואָס האָט ירמיה געהייסן טאָן?
3. וואָס האָט דער קיניג פֿון בבֿל געטאָן, ווען מע האָט אים אויפֿגעהערט צו שיקן מתּנות?

4. וואָס האָט ירמיה געשריבן צו די ייִדן פֿון בבֿל ?
5. ווי אַזוי האָט די אַרמיי פֿון בבֿל איַינגענומען ירושלים ?
6. וואָס איז געשען מיט דעם קיניג צדקיה ?
7. וואָס איז געשען מיט ירמיהן ?
8. ועמען האָט בבֿל געלאָזט אין לאַנד ?
9. וואָס איז געשען מיט די ייִדן פֿון יהודה נאָכן חורבן פֿון בית־המקדש ?
10. וואָס איז געווען ירמיהס סוף ?

## טראַכט וועגן דעם

1. ירמיה האָט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן זיך ניט שלאָגן מיט בבֿל. דאָס וואָלט געמיינט אַז ייִדן זאָלן ניט זיַין אין גאַנצן פֿריַי. איז ירמיה געווען גערעכט ?
2. ירמיה האָט געשריבן אין בבֿל אַז ייִדן זאָלן דאָרטן בויען היַיזער און פֿאַרפֿלאַנצן גערטנער. וואָס באַטיַיט דאָס ? איז ירמיה געווען גע־רעכט ?
3. ווען דו ביסט צדקיה, ווען דו דאַרפֿסט באַשטי־מען, צי מע זאָל פֿירן מלחמה מיט בבֿל — וואָס וואָלטסטו געטאָן ?
4. ירמיה ווערט אָנגערופֿן דער נבֿיא פֿון טרויער. פֿאַרוואָס ?

# ביי די טײַכן פֿון בבֿל

## ייִדן געדענקען

טויזנטער ייִדישע געפֿאַנגענע זײַנען געקומען קיין בבֿל. דאָרטן זײַנען שוין געווען פֿון פֿריִער ייִדן וואָס מע האָט זיי פֿריִער פֿאַרטריבן. די אַלע ייִדן זײַנען געווען אין גלות. זיי האָבן געלעבט אין בבֿל, אין אַ פֿרעמד לאַנד. זיי האָבן זיך געפֿילט זייער שלעכט. עס איז דאָ אַ שיין ליד וואָס זאָגט ווי אַזוי ייִדן האָבן זיך געפֿילט:



מען פֿירט די ייִדן קיין בבֿל

— בײַ די טײַכן פֿון בבֿל —
דאָרטן זײַנען מיר געזעסן און האָבן געוויינט
אַז מיר האָבן זיך דערמאָנט אין ציון.
אויף ביימער האָבן מיר אויפֿגעהאַנגען
אונדזערע האַרפֿן.
די וואָס האָבן אונדז געפֿאַנגען האָבן אונדז
געזאָגט:
— זינגט די לידער פֿון ציון!
— מיר קענען ניט זינגען די לידער פֿון ציון
אויף פֿרעמדער ערד!
אויב איך וועל דיך פֿאַרגעסן, ירושלים,
זאָל מײַן רעכטע האַנט פֿאַרגעסן ווערן!
זאָל מײַן צונג זיך צוקלעפּן צו מײַן מויל,
אויב איך וועל דיך ניט געדענקען!

און ייִדן האָבן געדענקט אַז זיי זײַנען געווען פֿרײַע מענטשן אין דעם אייגענעם לאַנד.

בבֿל איז געווען זייער אַ רײַך לאַנד. עס איז געלעגן צווישן צוויי גרויסע טײַכן. עס האָט געהאַט אַ סך וואַסער. דאָס לאַנד איז געווען אָן בערג און אָן שטיינער. איז דאָרטן גוט געוואַקסן. ייִדן האָבן געקויפֿט ערד און זי באַאַרבעט. אַנדערע ייִדן האָבן געפֿירט האַנדל און געשעפֿטן. אַנדערע ייִדן זײַנען געווען בעלי־מלאָכות. ייִדן האָבן גענומען לעבן גאַנץ גוט.

ייִדן האָבן געדענקט ווי שיין עס איז געווען דער בית־המקדש, ווי פֿריילעך עס איז געווען בײַ אַ ייִדישן יום־טובֿ. ייִדן האָבן אין בבֿל ניט געלעבט אַזוי ווי די אַנדערע פֿעלקער. זיי האָבן געלעבט ווי ייִדן, מיט ייִדישע געזעצן, מיט די געזעצן פֿון משה רבינו.

ייִדן האָבן אָפּגעהיט דעם ייִדישן גלויבן. זיי האָבן געדענקט אַלץ וואָס איז פֿריִער געווען. איצט האָבן זיי אויך געדענקט די רייד פֿון די גרויסע נבֿיאים. זיי האָבן אויך געהאָפֿט צו קומען צוריק קיין ארץ־ישׂראל.

| | |
|---|---|
| צוקלעפּן | stick to |
| גלות | exile |
| געשעפֿטן | business |
| גלויבן | faith |

## דער נבֿיא יחזקאל

אין בבֿל האָט געלעבט אַ גרויסער נבֿיא. ער האָט געהייסן יחזקאל. ער האָט געטרייסט דאָס פֿאָלק. ער האָט געהאַט שיינע וויזיעס און האָט דערציילט וועגן זיי.

איין מאָל האָט ער דערציילט וועגן אַ חלום וואָס ער האָט געהאַט:

— איך בין געווען אין אַ טאָל. איך האָב דאָרטן געזען אַ סך טרוקענע ביינער. פּלוצלינג האָב איך געזען ווי די ביינער רוקן זיך צוזאַמען. איך האָב געזען ווי

אויף דיביינער וואַקסט אָן פֿלייש. פֿון די טרוקענע ביינער זײַנען געוואָרן מענטשן. די מענטשן זײַנען גע־וואָרן לעבעדיק.

און דער נבֿיא האָט אויסגערופֿן:

— אַזוי וועט גאָט טאָן מיט דעם ייִדישן פֿאָלק! ער וועט אַרײַנגעבן לעבן אין זיי! זיי וועלן קומען צוריק אין זייער אייגן לאַנד!

דער נבֿיא האָט געהייסן האָפֿן און וואַרטן. ער האָט געהייסן זײַן גוט און פֿרום. איצט האָבן ייִדן זיך צוגע־הערט צו די רייד פֿון זייער נבֿיא. זיי האָבן אים געפֿאָלגט. זיי האָבן געלערנט קינדער צו בלײַבן ייִדן און ניט צו פֿאַרגעסן זייער לאַנד.

| | |
|---|---|
| visions | וויזיעס |
| bones | ביינער |
| move | רוקן זיך |

## דער נבֿיא פֿון טרייסט

באַך יחזקאלן איז געווען אַן אַנדער גרויסער נבֿיא. ער האָט געשאַפֿן אַ סך לידער פֿון טרייסט פֿאַר ייִדן און ער האָט גערעדט ווי ישעיה. מע ווייסט ניט זײַן נאָמען. רופֿן מיר אים ישעיה דער צווייטער. ער האָט געזאָגט:

— טרייסט, טרייסט מײַן פֿאָלק —
זאָגט אײַער גאָט,

רעדט צום האַרץ פֿון ירושלים,
רופֿט צו איר: איר שלעכטע צײַט איז אַוועק!
זי איז שוין באַשטראָפֿט פֿאַר איר שלעכטס.

דער נביא האָט געזאָגט: אַזוי ווי אַ פּאַסטעך נעמט צונויף זײַנע שאָף, אַזוי וועט גאָט צונויפֿנעמען זײַן פֿאָלק און פֿירן צוריק אין דעם ייִדישן לאַנד. אין נאָמען פֿון גאָט האָט ער גערעדט צום פֿאָלק:

— האָב ניט מורא, איך מאַך דיך פֿרײַ!
גייסט דורך וואַסער — בין איך מיט דיר,
גייסט דורך פֿײַער — ווערסטו ניט פֿאַרברענט!
האָב ניט מורא, איך בין מיט דיר!

די ביידע גרויסע נביאים האָבן געהאָלפֿן אַז ייִדן זאָלן ניט פֿאַרגעסן זייער גלויבן. זיי האָבן געזאָגט אַז גאָט קען מען דינען אומעטום, ניט נאָר אין בית־המקדש. ייִדן האָבן אַזוי געטאָן. מע האָט געבויט הײַזער צו דאַוונען און מע האָט געדינט גאָט. מע האָט געשריבן ביכער מיט די רייד פֿון די נביאים. מע האָט געשריבן ביכער וועגן דעם וואָס עס איז געשען מיט דעם ייִדישן פֿאָלק. מע האָט די ביכער געלייענט און געלערנט. אַ טייל פֿון די ביכער האָט מען שפּעטער אַרײַנגענומען אין תּנך.

| | |
|---|---|
| צונויפֿנעמען | gather |
| דאַוונען | pray |

## פֿראַגעס

1. וואָס האָבן געשוואָרן די פֿאַרטריבענע קיין בבֿל?
2. פֿון וואָס האָבן געלעבט די ייִדן פֿון בבֿל?
3. פֿאַרוואָס איז דאָס לעבן אין בבֿל ניט געווען שווער?
4. ווי אַזוי זײַנען ייִדן אין בבֿל געבליבן ייִדן?
5. וואָס דערציילט יחזקאל וועגן אַ טאָל מיט ביינער?
6. וואָס האָט געזאָגט דער נבֿיא פֿון טרייסט?

## טראַכט וועגן דעם

1. ייִדן אין בבֿל האָבן געלעבט גוט. דאָס ייִדישע לאַנד איז געוואָרן חרובֿ. זײַנען זיי געווען גע־רעכט, ווען זיי האָבן געוואָלט צוריקקומען אין זייער אייגן לאַנד?
2. ייִדן אין בבֿל האָבן מער ניט געלעבט אויף זייער אייגן לאַנד. דער בית־המקדש איז געווען חרובֿ. ווי אַזוי האָבן ייִדן געדינט גאָט?
3. ווען אַ שטאַרק פֿאָלק פֿלעגט זיגן איבער אַ שוואַך פֿאָלק, פֿלעגט דאָס שוואַכע פֿאָלק אונ־טערגיין. ווי האָבן ייִדן געקענט בלײַבן ייִדן?
4. ווען אַשור האָט פֿאַרטריבן מלכות ישׂראל, איז

אַ טייל פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק אונטערגעגאַנגען.
מיט וואָס איז געווען אַנדערש, ווען בבֿל האָט
געזיגט איבער מלכות יהודה ?

5. ווי אַזוי האָבן דער נבֿיא יחזקאל און דער נבֿיא
פֿון טרייסט געהאָלפֿן די ייִדן פֿון בבֿל ?



# שיבת ציון

## פערסיע ווערט אַ שטאַרקע מלוכה

אַשור איז געווען זייער אַ שטאַרקע מלוכה. אַשור האָט אײַנגענומען מלכות ישׂראל. דערנאָך איז שטאַרק געוואָרן בבֿל. בבֿל איז געווען שטאַרק און רײַך. בבֿל האָט אײַנגענומען מלכות יהודה.

עס איז איצט געקומען אַ נײַע שטאַרקע מלוכה. דאָס איז געווען פערסיע. פערסיע האָט אײַנגענומען בבֿל. פערסיע איז געוואָרן די שטאַרקסטע מלוכה אין דער וועלט.

ארץ־ישׂראל איז איצט געווען אַ טייל פֿון פערסיע. דאָס לאַנד איז געווען נאָענט צו מצרים. דער קיניג פֿון פערסיע האָט געוואָלט אַז די מענטשן פֿון ארץ־ישׂראל זאָלן זײַן זײַנע פרײַנד. דער קיניג פֿון פערסיע האָט באַשלאָסן צו זײַן גוט צו ייִדן. האָט ער געזאָגט צו זיי:

— איר קענט גיין צוריק קיין ארץ־ישׂראל. איר קענט ווידער וואוינען אין אײַער אייגן לאַנד. איר קענט ווידער אויפֿבויען דעם בית־המקדש.

ייִדן האָבן זיך זייער דערפֿרייט.

שיבת ציון — return to Zion

## זרובבל פירט ייִדן קיין ארץ־ישׂראל

אַ סך ייִדן פֿון בבֿל האָבן גענומען זיך גרייטן צו גיין צוריק קיין ארץ־ישׂראל. אָבער ארץ־ישׂראל איז געווען אָרעם. די ערד איז געווען וויסט און עס איז געווען שווער זי צו באַאַרבעטן. האָבן אַ סך ייִדן ניט געקענט פֿאַרלאָזן דאָס רײַכע לאַנד בבֿל און גיין צוריק קיין ארץ־ישׂראל.

אַ טייל ייִדן זײַנען געגאַנגען צוריק קיין ארץ־ישׂראל. זייער פֿירער איז געווען זרובבֿל. ער איז געווען פֿון דודס הויז. פֿערציק טויזנט ייִדן זײַנען געגאַנגען מיט אים און זיי זײַנען אָנגעקומען אין לאַנד.

די ערשטע יאָרן זײַנען געווען שווערע. מע האָט געדאַרפֿט בויען הײַזער. מע האָט געדאַרפֿט באַאַרבעטן די ערד וואָס איז געווען וויסט.

אין די ערשטע יאָרן איז געפֿאַלן ווייניק רעגן. עס איז ניט גוט געוואַקסן. האָט מען געלעבט זייער אָרעם. אָבער די ייִדן פֿון בבֿל האָבן געהאָלפֿן זייערע ברידער.

דאָס לעבן איז געווען שווער, אָבער די ייִדן וואָס זײַנען געקומען צוריק האָבן אָנגעהויבן בויען דעם בית־המקדש. די קליינע פֿעלקער אַרום האָבן ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן ווידער ווערן שטאַרק. זיי האָבן געשריבן אַ בריוו דעם קיניג פֿון פּערסיע. זיי האָבן געשריבן אַז

ייִדן ווילן זיך אָפּרײַסן פֿון פּערסיע. האָט דער קיניג געהייסן, מע זאָל מער דעם בית־המקדש נישט בויען.

| | |
|---|---|
| barren, wasted | וויסט |
| leave | פֿאַרלאָזן |
| arrived | אָנגעקומען |
| tear away, break away | אָפּרייסן |

## דער צווייטער בית־המקדש

דער קיניג פֿון פּערסיע איז געשטאָרבן און זײַן זון איז געוואָרן קיניג. ייִדן האָבן געבעטן דעם נײַעם קיניג, ער זאָל לאָזן בויען דעם בית־המקדש. זיי האָבן אים דערמאָנט: עס איז דאָ אַן אַלטער באַפֿעל אַז ייִדן מעגן בויען דעם בית־המקדש. דער יונגער קיניג האָט געפֿונען דעם אַלטן באַפֿעל און ער האָט געלאָזן ייִדן בויען דעם בית־המקדש.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז דער בית־המקדש איז פֿאַרטיק געוואָרן. ער איז ניט געווען אַזוי גרויס און ער איז ניט געווען אַזוי שיין ווי דער ערשטער בית־המקדש. אַלע ייִדן, וואָס האָבן דעם ערשטן בית־המקדש קיין מאָל ניט געזען, האָבן זיך זייער געפֿרייט מיט דעם נײַעם בית־המקדש. ער איז געווען שיין אין זייערע אויגן. נאָר די אַלטע לײַט זײַנען ניט געווען צופֿרידן מיט דעם ווי דער צווייטער בית־המקדש האָט אויסגעזען. זיי האָבן געדענקט ווי שיין דער ערשטער בית־המקדש האָט אויסגעזען.

דער נײַער בית־המקדש איז געווען זייער וויכטיק. עס איז ווידער געווען דאָס הייליקסטע אָרט פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק. עס האָט ווידער געהאָלפֿן אַז ייִדן זאָלן בלײַבן איין פֿאָלק.

ווען ייִדן זײַנען געקומען צוריק אין זייער אייגן לאַנד, האָבן זיי קיין קיניג מער נישט געהאַט. דער פֿירער פֿון די ייִדן איז געווען דער כהן־גדול. ער האָט גענומען שטײַערן. דעם גרעסטן טייל שטײַערן האָט ער געמוזט שיקן קיין פּערסיע. דאָס איבעריקע איז געבליבן פֿאַרן בית־המקדש און פֿאַר די כּהנים.

ייִדן האָבן געקענט לעבן ווי זיי ווילן. זיי זײַנען אָבער געווען אָרעם און עס איז געווען אַ שווער לעבן. עס זײַנען געווען ווייניק געלערנטע מענטשן וואָס זאָלן פֿירן דאָס פֿאָלק. מע האָט ניט געשריבן קיין ביכער. מע האָט ניט געלערנט די קינדער די געזעצן פֿון משה רבינו.

| | |
|---|---|
| באַפֿעל | order |
| כהן־גדול | scholars, educated |
| געלערנטע | High priest |

## עזרא הסופֿר

ייִדן אין בבֿל האָבן געהאַט אַ סך געלערנטע. זיי האָבן אָפּגעהיט די ייִדישע געזעצן. זיי האָבן געזאָרגט פֿאַר זייערע ברידער אין יהודה. דער גרעססטער גע־

לערנטער איז געווען עזראַ. ער איז געווען אַ סופֿר. אַ סופֿר הייסט אַ שרײַבער. די סופֿרים האָבן איבערגע־שריבן אַלטע ייִדישע ביכער און אַליין געשריבן נײַע. אַ סופֿר איז אויך געווען אַ לערער. ער האָט געלערנט מיט קינדער און מיט יונגע מענטשן. ער איז געווען אַ פֿירער פֿון פֿאָלק.

דער סופֿר עזראַ האָט באַשאָלסן צו גיין קיין יהודה. מיט אים זײַנען געגאַנגען טויזנט ייִדן פֿון בבֿל. די ייִדן פֿון ירושלים האָבן געוואוסט וועגן דעם גרויסן געלערנטן עזראַ.

ווען עזראַ איז געקומען, האָבן ייִדן זיך געפֿרייט מיט אים. אָבער עזראַ האָט זיך ניט געפֿרייט. ער האָט זיך דערוואוסט אַז אַ סך ייִדן האָבן חתונה געהאַט מיט פֿרעמדע פֿרויען. ער האָט געזען אַז אַ סך ייִדן דינען פֿרעמדע געטער. עזראַ האָט גערופֿן אַלע ייִדן. ער האָט צו זיי גערעדט. ער האָט געבעטן צו פֿאָלגן די אַלטע ייִדישע געזעצן פֿון משה רבינו. ער האָט געלערנט דאָס פֿאָלק די תּורה. די גרעסטע צאָל ייִדן האָבן געפֿאָלגט עזראַן.

עזראַ האָט אויך געוואָלט ווידער אויפֿבויען די הויכע ווענט אַרום ירושלים, כּדי די שטאָט זאָל זײַן פֿעסט און זיכער. די קליינע פֿעלקער אַרום האָבן דאָס ניט געוואָלט. זיי האָבן ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן ווידער ווערן

שטאַרק. זיי האָבן ווידער געשריבן צום קיניג פֿון פּער־
סיע. מע האָט ווידער געזאָגט אַז ייִדן ווילן ניט זײַן מער
אַ טייל פֿון פּערסיע. דער קיניג האָט געגעבן אַ באַפֿעל,
מע זאָל די ווענט אַרום ירושלים ניט בויען.

scribe סופֿר

## נ ח מ י ה

אין פּערסיע האָט געלעבט אַ רײַכער ייִד וואָס
האָט געהייסן נחמיה. דער קיניג פֿון פּערסיע איז געווען
זײַנער אַ גוטער פֿרײַנד. נחמיה האָט זיך דערוואוסט, ווי
שווער עס איז דאָס לעבן פֿון די ייִדן אין יהודה. ער
האָט געבעטן דעם קיניג, ער זאָל אים לאָזן גיין קיין
יהודה.

דער קיניג האָט געמאַכט נחמיהן פֿאַרן גובערנאַטאָר
פֿון יהודה. נחמיה איז געקומען קיין ירושלים. ער האָט
געקענט אויפֿטאָן מער ווי עזראָ, ווײַל ער איז געווען
דעם קיניגס גובערנאַטאָר.

נחמיה האָט גערופֿן די מענער פֿון ירושלים. זיי
האָבן אויפֿגעבויט די ווענט אַרום דער שטאָט. נחמיה
האָט געהאָלפֿן ייִדן אײַנפֿירן אַ בעסערע אָרדענונג אין
זייער לעבן. נחמיה אַליין האָט פֿון די שטײַערן וואָס ייִדן
האָבן געצאָלט קיין זאַך נישט גענומען פֿאַר זיך. ווען
ער האָט אַליין געבאָרגט געלט צו אָרעמע, האָט ער דאָס

געלט נישט געמאָנט. אַנדערע רײַכע ייִדן האָבן אויך אַזוי געטאָן. דאָס לעבן פֿון די אָרעמע איז געוואָרן בעסער. דאָס לאַנד איז געוואָרן שטאַרקער און רײַכער.

נחמיה האָט זייער אַ סך געהאָלפֿן דעם גרויסן געלערנטן, דעם סופֿר עזראַ. צוזאַמען האָבן זיי אײַנגעפֿירט די אַלטע געזעצן פֿון משה רבינו. זיי האָבן געמאַכט אויך נײַע גוטע געזעצן. אין לאַנד איז געווען רו און שלום. ארץ־ישׂראל איז ווידער געוואָרן אַ גוטע היים פֿאַר ייִדן.

| | |
|---|---|
| גובערנאַטאָר | governor |
| אײַנפֿירן | introduce |
| אָרדענונג | system |

# דער תּנך

ייִדן האָבן געהאַט אַלטע ביכער וואו עס זײַנען דאָ די מעשׂות פֿון דער ייִדישער געשיכטע. ייִדן האָבן געהאַט ביכער מיט די רייד פֿון די נבֿיאים. זיי זײַנען געוואָרן הייליקע ביכער. עזראַ און אַנדערע סופֿרים האָבן איבערגעשריבן די אַלע אַלטע ביכער. עס איז פֿון דעם געוואָרן איין גרויס בוך. דאָס איז דער תּנך.

דאָס וואָרט תּנך באַשטייט פֿון די ערשטע אותיות פֿון די דרײַ טיילן אין דעם בוך:

תּורה
נבֿיאים
כּתובֿים

תּורה — דאָס זײַנען די פֿינף חומשים. נבֿיאים — איז די גאַנצע געשיכטע פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, פֿון אײַנ־נעמען כנען ביז דעם חורבן, און די פֿאַרשריבענע רייד פֿון די גרויסע נבֿיאים. כתובֿים — זײַנען פֿאַרשיידענע ביכער וואָס מע האָט זיי געשריבן אין פֿאַרשיידענע צײַטן.

תּורה, נבֿיאים און כתובֿים זײַנען צוזאַמען דער תּנך. דאָס איז דאָס גרויסע בוך, דאָס הייליקע בוך פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק.

דער תּנך האָט געלערנט ייִדן ווי אַזוי צו לעבן. ייִדן האָבן געלייענט און געלערנט דעם תּנך. זיי האָבן גענומען לעבן אַזוי ווי דער תּנך הייסט. זיי האָבן גע־וואוסט זייער אייגענע געשיכטע פֿון תּנך. זיי האָבן אין תּנך געלייענט די רייד פֿון די נבֿיאים. דערפֿאַר האָט מען שפּעטער גערופֿן די ייִדן דאָס פֿאָלק פֿון דעם בוך, דאָס הייסט דאָס פֿאָלק פֿון תּנך.

אַזוי האָבן ייִדן צוריק אויפֿגעבויט זייער אייגן לאַנד. נאָך די צײַטן פֿון עזראָ און נחמיה האָבן ייִדן רואיק געלעבט אין ארץ־ישׂראל. זיי האָבן געלעבט רואיק אַ לאַנגע צײַט. וואָס עס איז שפּעטער געווען — וועלן מיר לערנען אין אַ צווייט בוך. דערווײַל געדענקט וואָס איר האָט דאָ געלערנט. זײַט גוטע ייִדישע קינדער.

## פ ר אַ ג ע ם

1. פֿאַרוואָס האָט דער קיניג פֿון פּערסיע דער־לויבט אַז ייִדן זאָלן קומען צוריק אין זייער לאַנד ?
2. ווי אַזוי האָבן ייִדן איצט געלעבט אין זייער אייגן לאַנד ?
3. ווער איז געווען זרובבֿל ?
4. פֿאַרוואָס האָבן ייִדן נישט געקענט גלײַך אויפֿ־בויען דעם בית־המקדש ?
5. ווי אַזוי האָט עזראָ געהאָלפֿן זײַן פֿאָלק ?
6. ווי אַזוי האָט נחמיה געהאָלפֿן זײַן פֿאָלק ?
7. פֿאַרוואָס איז געווען אַזוי וויכטיק אויפֿצובויען דעם בית־המקדש ?
8. ווי אַזוי האָט מען צוזאַמענגעשטעלט דעם תּנך ?
9. פֿון וואָסערע דרײַ טיילן באַשטייט דער תּנך ?

## ט ר אַ כ ט  ו ו ע ג ן  ד ע ם

1. ניט אַלע ייִדן זײַנען געגאַנגען צוריק אין דעם ייִדישן לאַנד. פֿאַרוואָס ? איז דאָס געווען ריכטיק ?
2. פֿאַרגלייכט דאָס קומען צוריק אין אייגענעם

לאַנד נאָך גלות בבֿל מיט דעם אויפֿקום פֿון מדינת ישׂראל אין אונדזער צײַט.

3. פֿאַרגלייכט די ראָלע פון ייִדן אין בבֿל מיט דער איצטיקער ראָלע פֿון ייִדן אין אַמעריקע.

4. ווי אַזוי זײַנען ייִדן געוואָרן דאָס פֿאָלק פֿון בוך ?



# צו די לערערס

שוין יאָרן ווי מיר האָבן נישט קיין פּאַסיק לערנביכל אויף געשיכטע. שוין יאָרן ווי אונדזערע לערערס פֿאַרלאַנגען אַזאַ לערנבוך. זײַנען מיר דעריבער צופֿרידן וואָס מיר קענען איצט ברענגען די לערערס דעם ערשטן טייל פֿון „מײַן פֿאָלק", אַ געשיכטע־ביכל אויף דער עלעמענטאַרער מדרגה.

דאָס ביכל איז צונויפֿגעשטעלט לויט דער פּראָגראַם פֿון אונדזערע שולן. עס ווערן פֿאַרויסגעזען נאָך צוויי טיילן. אַזוי אַרום וועלן זײַן דרײַ באַזונדערע ביכלעך פֿאַר די דרײַ יאָר פֿון לערנען געשיכטע און דער לימוד וועט דערפֿירט ווערן ביז צו דער איצטיקער תּקופֿה.

דאָס ביכל הייבט זיך אָן מיט יהושע און דערגרייכט ביז שיבֿת ציון. די פֿריִערדיקע געשיכטע (אָבֿות, יציאת מצרים און מתּן־תּורה) דאַרף דער לערער לערנען דורך חומש־מעשׂות אין דעם ערשטן און צווייטן לערניאָר.

דער צונויפֿשטעלער, י. נאָסקאָוויץ, איז ווי אַ קאָנסולטאַנט פֿאַר אונדזערע שולן באַקאַנט מיט די אויפֿגעם־פֿעאיקייטן אויף ייִדיש. ער האָט עס אַלץ גענומען אין באַטראַכט און איז געווען זייער אָפּגעהיט אין זײַן שפּראַך.

עס איז אויסגעקומען צו זײַן אַזוי קורץ ווי מיגלעך. דעריבער זײַנען אַ סך וויכטיקע מעשׂות און אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן דורכגעלאָזט געוואָרן אין טעקסט. דער לערער דאַרף עס דערגאַנצן און דערציילן די אַלע מעשׂות און עפּיזאָדן וואָס ער געפֿינט פֿאַר נייטיק און ער האַלט אַז עס איז דאָ פֿאַר דעם צײַט.

דער מאַנוסקריפּט איז דורכגעקוקט געוואָרן פֿון די מיט־גלידער פֿון פּעדאַגאָגן־ראַט וואָס האָבן געגעבן זייערע

סוגעסטיעס און עצות; דער טעקסט איז דורכגעקוקט געוואָרן פֿון אַ קאָמיסיע מיט דער באַטייליקונג פֿון מ. װלאַדקאָװסקי און יודל מאַרק. אין נאָמען פֿון מחבר און אין מיין אייגענעם נאָמען דריק איך אויס אַ דאַנק די אַלע װאָס האָבן מיטגעהאָלפֿן ביי דער אַרבעט. אַ דאַנק אויך די אַלע פֿאַרלעגערס װאָס האָבן געגעבן זייער הסכם אויף איבערצודרוקן בילדער און מאַפּעס.

מיר האָפֿן אַז די סעריע פֿון געשיכטע פֿאַר קינדער אונטערן נאָמען „מיין פֿאָלק" װעט גרינגער מאכן פֿאַר דעם לערער דאָס לערנען געשיכטע און װעט פֿירן צו אַ גוטער פּעולה ביי די קינדער.

**זלמן יעפֿרויקין,**

**בילדונגס־דירעקטאָר אַרבעטער־רינג**

## א

| | |
|---|---|
| ancestors, forefathers | אָבֿות |
| mixed | אויסגעמישט |
| chose, picked | אויסגעקליבן |
| stopped | אויפֿגעהערט |
| looked up | אויפֿגעזוכט |
| revolt | אויפֿשטאַנד |
| misfortunes | אומגליקן |
| dissatisfied | אומצופֿרידן |
| unclean | אומריין |
| surrender | אונטערגעבן זיך |
| perished, was destroyed | אונטערגעגאַנגען |
| rebuild | איבערבויען |
| donkeys | אייזעלינס |
| oil | אייל |
| succeeded | אײַנגעגעבן |
| divided | אײַנגעטיילט |
| inhabitants | אײַנוואוינערס |
| conquer | אײַננעמען |
| introduce | אײַנפֿירן |
| islands | אינדזלען |
| angry | אין כּעס |
| widow, widows | אלמנה, אלמנות |
| take the part of | אָננעמען זיך |
| attack | אָנפֿאַלן |
| fooled | אָפּגענאַרט |
| obey, observe | אָפּהיטן |
| agreement | אַפּמאַך |
| tear away, break away | אָפּרײַסן |
| oxen | אָקסן |
| plows | אַקעראײַזנס |
| let down | אַראָפּגעלאָזט |
| system | אָרדענונג |
| chased out | אַרויסגעטריבן |
| climbed up | אַרויפֿגעקראָכן |
| surrounded | אַרומגערינגלט |
| ark | אָרון |
| to lead | אַרײַנפֿירן |

## ב

| | |
|---|---|
| to work, cultivate | באַאַרבעטן |
| hide | באַהאַלטן |
| appeared | באַוויזן |
| separate | באַזונדער |

| | |
|---|---|
| settled | באַזעצט |
| decorated | באַפּוצט |
| to attack | באַפֿאַלן |
| order | באַפֿעל |
| complained | באַקלאָגט |
| famous | באַרימטער |
| punish | באַשטראָפֿן |
| bones | ביינער |
| little by little | ביסלעכווײַז |
| change | בײַטן |
| angry | בייז |
| Temple | בית־המקדש |
| mud | בלאָטע |
| skilled workmen, artisans | בעלי־מלאכות |
| bless | בענטשן |

**ג**

| | |
|---|---|
| governor | גובערנאַטאָר |
| smooth | גלאַטע |
| faith | גלויבן |
| exile | גלות |
| gave birth to | געבוירן |
| tied up | געבונדן |
| changed | געביטן |
| stayed, remained | געבליבן |
| believed | געגלייבט |
| loyal | געטרײַ |
| traded | געהאַנדלט |
| belong | געהערן |
| warned | געוואָרנט |
| win | געווינען |
| weapons | געווער |
| laws | געזעצן |
| happened | געטראָפֿן |
| consoled | געטרייסט |
| suffered | געליטן |
| lent | געליִען |
| scholars, educated | געלערנטע |
| took part in | גענומען אַן אָנטייל |
| spent the night | גענעכטיקט |
| prisoners, captives | געפֿאַנגענע |
| danger | געפֿאַר |
| lasted | געצויגן |
| tents | געצעלטן |
| idols | געצן |

| | |
|---|---|
| saved, rescued | געראַטעוועט |
| gardens | גערטנער |
| justice | גערעכטיקייט |
| righteous | גערעכטע |
| cursed | געשאָלטן |
| swore | געשוואָרן |
| cut | געשוירן |
| put in chains | געשמידט אין קייטן |
| business | געשעפֿטן |
| pit | גרוב |

### ד

| | |
|---|---|
| pray | דאַוונען |
| failed | דורכגעפֿאַלן |
| maids, servants | דינסטן |
| servants | דינערס |
| killed | דערהרגט |
| found out | דערוואוסט |
| reminded | דערמאָנט |
| villages | דערפֿער |
| raised, educated | דערצויגן |
| south | דרום |
| oppress | דריקן |

### ה

| | |
|---|---|
| trade | האַנדל |
| harp | האַרף |
| capital | הויפּט־שטאָט |
| courtiers | הויפֿלייט |
| cave | הייל |
| holy places | הייליקע ערטער |
| brave | העלדיש |

### ו

| | |
|---|---|
| guard | וואַך |
| vineyard, vineyards | ווײַנגאָרטן, ווײַנגערטנער |
| barren, wasted | וויסט |

### ז

| | |
|---|---|
| annoint | זאַלבן |
| worry, provide for | זאָרגן |
| victory | זיג |
| to win | זיגן |
| winner, victor | זיגער |
| columns, pillars | זײַלן |
| bag | זעקל |

ח

| | |
|---|---|
| destroy | חרובֿ מאַכן |
| destruction | חורבן |
| animals | חיות |

ט

| | |
|---|---|
| valley, valleys | טאָל, טאָלן |
| gates | טויערן |
| noise | טומל |
| prison | טורמע |
| cloths | טיכלעך |
| throne | טראָן |
| sad | טרויעריק |
| song of sorrow, lament | טרויער־ליד |
| consoles | טרייסט |
| steps | טרעפּ |
| guess | טרעפֿן |

י

| | |
|---|---|
| yoke, burden | יאָך |
| armor bearer | יונג |
| inherit | ירשענען |
| orphan, orphans | יתום, יתומים |

כ

| | |
|---|---|
| priest | כהן |
| High priest | כהן־גדול |
| strength | כוח |
| goblet | כוס |

ל

| | |
|---|---|
| camp | לאַגער |
| to praise | לויבן |
| levites | לוויים |
| merry | לוסטיק |
| to suffer | לײַדן |
| clay | ליים |
| leopard | לעמפּערט |

מ

| | |
|---|---|
| meal | מאָלצײַט |
| demand, ask for | מאָנען |
| desert | מדבר |
| forgive | מוחל זײַן |
| brave | מוטיק |
| trade, trades | מלאכה, מלאכות |
| kingdom | מלוכה |

| | |
|---|---|
| queen | מלכּה |
| king, kings | מלך, מלכים |
| possible | מעגלעך |
| flour | מעל |
| Messiah, redeemer | משיח |
| to judge | משפּטן |
| gift, gifts | מתּנה, מתּנות |

**נ**

| | |
|---|---|
| prophecy | נבֿואה |
| prophet | נבֿיא |
| need | נויט |

**ס**

| | |
|---|---|
| merchant, merchants | סוחר, סוחרים |
| scribe | סופֿר |
| feast | סעודה |
| book | ספֿר |

**ע**

| | |
|---|---|
| witness | עדות |
| ivory | עלפֿנביין |
| advice | עצה, עצות |
| worse | ערגער |
| farmers | ערד־אַרבעטערס |
| honest | ערלעך |
| armor | פּאַנצער |
| shepherds | פּאַסטעכער |
| to graze | פּאַשען |

**פֿ**

| | |
|---|---|
| torch | פֿאַקל |
| unite | פֿאַראייניקן |
| folded | פֿאַרבויגן |
| crime | פֿאַרברעכן |
| spilled | פֿאַרגאָסן |
| aggravated | פֿאַרדראָסן |
| sowed, planted | פֿאַרזייט |
| protect, defend | פֿאַרטיידיקן |
| drove out, exiled | פֿאַרטריבן |
| leave | פֿאַרלאָזן |
| to depend on | פֿאַרלאָזן זיך |
| fell in love | פֿאַרליבט |
| tired | פֿאַרמאַטערט |
| got caught in, tangled | פֿאַרפּלאָנטערט |
| planted | פֿאַרפֿלאַנצט |
| disappear | פֿאַרשווינדן |

| | |
|---|---|
| exiled | פֿאַרשיקט |
| spread | פֿאַרשפּרייט |
| birds | פֿויגלען |
| foxes | פֿוקסן |
| grazing, feeding | פֿיטערן |
| bow and arrow | פֿייל־און־בויגן |
| leader | פֿירער |
| shoulders | פּלייצעס |
| faster | פֿלינקער |
| cliff | פֿעלדז |
| strong | פֿעסט |
| religious, pious | פֿרום |

## צ

| | |
|---|---|
| prepared | צוגעגרייט |
| listened, obeyed | צוגעהערט |
| used to, accustomed | צוגעוואוינט |
| promised | צוגעזאָגט |
| thought up | צוגעטראַכט |
| robbed | צוגערויבט |
| branches | צווײַגן |
| gathered | צונויפֿגענומען |
| stick to | צוקלעפּן |
| goats | ציגן |
| mark, sign | צייכן |
| room | צימער |
| confused | צעטומלט |
| divided | צעטיילט |
| Ten Commandments | צען־געבאָט |
| fall apart | צעפֿאַלן |
| quarreled | צעקריגט |
| defeated | צעקלאַפּט |
| torn | צעריסן |
| destroyed | צעשטערט |
| parted | צעשיידט |
| defeated | צעשלאָגן |
| north | צפֿון |

## ק

| | |
|---|---|
| struggle | קאַמף |
| wisdom | קלוגשאַפֿט |
| hardly | קוים |
| voice | קול |
| lament | קלאָגליד |
| calves | קעלבער |

| | |
|---|---|
| return | קערט זיך אום |
| pitcher | קרוג |
| soldiers | קריגסלײַט |
| warrior | קריגסמאַן |
| little pitcher | קריגעלע |

## ר

| | |
|---|---|
| peaceful, quiet | רואיק |
| move | רוקן זיך |
| giant | ריז |
| chariots | רײַטוואָגנס |
| judge | ריכטער |
| riddles | רעטענישן |

## ש

| | |
|---|---|
| sheep | שאָף |
| tribe, tribes | שבֿט, שבֿטים |
| sword | שווערד |
| judge | שופֿט |
| ramshorn | שופֿר |
| come from, descend from | שטאַמען |
| taxes | שטייערן |
| forehead | שטערן |
| straw | שטרוי |
| rope | שטריק |
| return to Zion | שיבֿת ציון |
| battle | שלאַכט |
| snake | שלאַנג |
| slingshot | שלײַדערער |
| smiths | שמידן |
| smile | שמייכל |
| sheep | שעפּסן |
| little sheep | שעפֿעלע |
| division | שפּאַלטונג |
| spear | שפּיז |
| top | שפּיץ |
| proverbs | שפּריכווערטער |
| slave | שקלאַף |
| terrible | שרעקלעך |
| enemy, enemies | שׂונא, שׂונאים |

## ת

| | |
|---|---|
| grain, crop | תּבֿואה |
| Bible | תּנך |

# אינהאַלט

ז"ז